משה סטרוגאַטש

# לעצטע טריט

## לידער

איקוף  פארלאג

ניו-יאָרק 1977

# משה סטרוגאַטש

משה סטרוגאַטש האָט אַ נאָמען געגעבן זיין לעצט בוך „לעצטע טריט". אין נאָמען גופא איז פאַרקערפערט דער גרונט־שטריך פון זיין גאַנץ שאַפן — אמתדיקייט און אויפריכטיקייט, ווי וויטיקדיק דער אמת זאָל אָפט ניט זיין. במשך קנאַפע 50 יאָר, זינט ער האָט דעביוטירט מיט אַ ליד אין דער צייטונג „דאָס פאָלק" (וואַרשע, 1917), האָט ער קיין איין פאַלשע שורה — ניט אין פראָזע און ניט אין ליד — ניט אָנגעשריבן. דאָס ליד איז ביי אים געווען, בעיקר, דאָס קריגעלע פון אמת און גלויבן, וואָס ער האָט אַ גאַנץ לעבן מיטגעטראָגן מיט זיך.

„אַזוי פיל גלויבן איז אין מיר געווען,
מיין גאַנץ לעבן אויף אים איינגעשטעלט".
(„די שפּין אויף דער וואַנט")

זאָגט ער, אָן באַרימעריי און אָן זעלבסטלויב, ווי אַ פשוטע, פון יעדן פאַרשטענדלעכע, דעקלאַראַציע פון זיין דיכטערישן אני־מאמין.

משה סטרוגאַטש איז געגאַנגען זיין אייגענעם גאַנג אין דער יידישער ליטעראַטור. זיין קרעדאָ: בלייב געטריי צו זיך אַליין. ער איז אָפט כמעט „אַלטמאָדיש", אָבער אָרנטלעך, בתכלית האָרנטלעכקייט. ער האָט קיין מאָל ניט געמאַכט קיין קניקסל צום מאָדערניזם, און זיך ניט געהנדלט מיטן פרייען פערז, אָדער אַנדערע — פאַר אים — דיכטערישע עקסטראַוואַגאַנצן. ער היט פאָרזיכטיק אי דעם ריטם און אי דעם גראַם. ער איז געווען איי־נער פון די לעצטע, אויב ניט דער סאַמע לעצטער, פון אַט דעם דור דיכטער אין דער יידישער ליטעראַטור, ביי וועמען דאָס ליד האָט אוממיטלבאַר אָנגעכאַפּט און אויסגעדריקט די שטימונג,

כמעט אַן אַלעגאָריעס, אָן סימבאָלן, שיר ניט דערציילעריש און דירעקט.

קיין צופאַל, דעריבער, וואָס די פאַבל און די באַלאַדע זיינען די דיכטערישע פאָרמעס מיט וועלכע ער באַניצט זיך אַזוי אָפט.

***

משה סטרוגאַטש איז געבוירן געוואָרן דעם 25סטן יולי, 1894, אין סלוצק, ווייס־רוסלאַנד. ער האָט געלערנט אין דער סלוצקער ישיבה, שפּעטער אין דער אָדעסער גימנאַזיע. אין 1915 איז ער אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, וואו ער איז געווען אַ סטו־דענט אויף דעם היסטאָריש־פילאָסאָפישן פאַקולטעט פון דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

שוין אין וואַרשע האָבן זיך אָנגעהויבן זיינע לערערישע און שרייבערישע קאַריערעס. ער איז געווען דער לערער פון יידיש און פון יידישער ליטעראַטור אויף די אָוונטקורסן פון די פּועלי־ציון. גלייכצייטיק, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער און זיך געדרוקט אין „דאָס פאָלק" און אין דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג".

אין 1920 איז ער געקומען קיין אַמעריקע. דאָ איז ער געוואָרן אַ לערער אין די אַרבעטער־רינג שולן, שפּעטער — אין די אומ־פּאַרטייאישע שולן, נאָך דעם — אין די אָרדן־שולן, און צום סוף — אין די פּראָגרעסיוו־וועלטלעכע שולן. גלייכצייטיק, האָט ער געשריבן לידער און דערציילונגען און זיי געדרוקט אין דער „פריי־הייט" (שפּעטער — „מאָרגן פרייהייט"), אין „זאַמלונגען", אין קינדער־זשורנאַל „יונגוואַרג", און אין אַנדערע זשורנאַלן.

***

אַ באַזונדערן און זייער ווערטיקן צושטייער האָט משה סטרו־גאַטש צוגעטראָגן צו דער יידיש־וועלטלעכער דערציאונג אין אַמע־ריקע. ער איז געווען איינער פון די עלטסטע יידישע לערער אין לאַנד. זיין אַרבעטזאַמקייט, סיסטעמאַטישקייט און ברייט וויסן זיינען געווען מידות טובות מיט וועלכע ער האָט זיך ברייט־האַרציק געטיילט מיט קאָלעגן־לערער. אין משך פון אַ סך יאָרן איז אַ דעטאַליזירטע לערן־פּראָגראַם, וואָס מ. סטרוגאַטש האָט אויסגעאַרבעט (אַן ערך: 100 לעקציעס פאַר יעדן קלאַס, פון

קלאַס א׳ ביז ד׳, פון דער עלעמענטאַר־שול — ד״ה, 400 לעק־ציעס אין שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע), געווען דער וועג־ווייזער פאַר יידישע לערער איבערן לאַנד. אַ חוץ דעם, האָט ער געשריבן אַ גרויסע צאָל לידער און מעשהלעך פאַר קינדער.

זיין לויטערקייט און פּשטות — יאָ, אָפּט זיין סענטימענטאַ־לישקייט — זיינען אים בייגעשטאַנען אין קינדערליד ווי אין ליד פאַר דערוואַקסענע. ער איז געווען אַ גוטער מעשה־דערציילער — דירעקט און פאַרלאַפנדיק. דעריבער, איז ער תמיד געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט ביי דעם יונגן לייענער.

**
*

דאָס איצטיקע בוך, כאָטש מ. סטרוגאַטש איז שוין עטלעכע יאָר טויט (געשטאָרבן דעם 15טן יאַנואַר 1973) טאָר ניט באַטראַכט ווערן ווי אַן אַחרי־מות־ספר נאָך אַ מחבר. עס דאַרף גיכער גענומען ווערן ווי אַ רינג אין דער קייט, צוזאַמען מיט די אַנדערע זיבן ביכער וואָס מ. סטרוגאַטש האָט אַרויסגעגעבן, ווי אַ בויגן אין דעם קרייז פון זיין שאַפן. און אַ קרייז האָט ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סוף. דאָ און דאָרט רייסן זיך דורך שטימונ־גען פון טרויער, אָבער ניט פון לעצטקייט אָדער פאַטאַליזם. און דער עיקר: אויך אין די לידער ווערט אויף קיין האָר ניט געמי־נערט ניט דער גלויבן און ניט די ליבשאַפט, וואָס צאַפּלען זיך ווי אַ לעבעדיקער אָטעם אין זיין גאַנץ שאַפן.

און ליבשאַפט איז געווען און געבליבן דער ניגון פון סטרו־גאַטשעס שאַפן — הן אין פּראָזע און הן אין פּערז, ליבשאַפט צום פּשוטן, בידנעם און באַעוולטן מענטשן, וואָס וועט סוף־כל־סוף אויפגעריכט ווערן. און ווייל סטרוגאַטשעס טאָן איז בטבע אַ דירעקטער, איז ער דעריבער אַ טרייסטנדיקער, אַן אמונהדיקער, איז ער דעריבער אַ באַגלויבטער ביים לייענער.

**
*

ס׳אַ מעשה מיט אַ יידן פון סלוצק וואָס איז געוואָרן אַ לע־רער און אַ סופר ביי יידן און וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן בלויז געוואָלט „אָפּשרייבן מיין קליינעם פאַרמעג פאַר קהלשער נויט״ („מיין ירושה״)

„און איצט מיין ירושה באַשטייט
ניט פון גאָלד, צי פון זיידענע טיכער, —
איך ווייס, אַז מיין לעבן פאַרגייט,
נאָר בלייבן נאָך מיר ווערן ביכער...“

און, ווי אַלע ירושות — דאַרף מען זי ווערט זיין.

***

און נאָך איין וואָרט: אין זיין ליד „מיין פרוי“ זינגט דער דיכטער וועגן דער,

„וואָס האָט באַלויכטן מיר פיל כמאַרנע רעגנדיקע טעג,
מונטערקייט אין דער נשמה מיר געוועקט,
ווען געדאַכט האָט זיך אַז אַלצדינג וואַקלט זיך און עקט...“

אָט־דער האַרציקער, „מונטערקייט וועקנדיקער“, און ליבער חנה סטרוגאַטש האָבן מיר אַלע צו פאַרדאַנקען דאָס דערשיינען פון דעם איצטיקן בוך.

איטשע גאָלדבערג

# צו פינפאונזיבעציק...

גישט אָנגערירט האָבן מיך דערווייל די יאָרן
און נאָך ניט ווייס זיינען מיינע לאָקן —
כאָטש לויט אונזערע חכמים בין איך לאַנג שוין גרוי געוואָרן
און מיט אַ שטעקן שפּאַן איך אום אַ זקן.

גישט אָנגערירט האָט מיך דערווייל די עלטער,
כאָטש פינפאונזיבעציק איז דאַכט זיך אַלט גענוג:
מיין טאָג דערווייל איז נאָך אַלץ אַ זון־באַהעלטער
און מיינע שעה׳ן ווי מיט צאַפּלדיקן וויין אַ פולער קרוג.

ניט אָפּגעשוואַכט אין מיר די חושים מיינע זיינען,
די קראַפט פון אַלץ־שטויסנדיקן דראַנג פאָראויס, —
ווי טרוימען פון דער יוגנט האָפענונגען שיינען
און לוסט זיי צו דערלעבן איז אַלץ נאָך ביי מיר גרויס.

אין טראָט מיט צייט שטעל איך מיינע גאַנגען,
צום היינט און מאָרגן געווענדעט איז מיין בליק;
ווען כ׳זע ווי יוגנט שפּאַנט מיט גלויבן און געזאַנגען —
אויך מיינעם טראָג איך צו ווי אַ טאָן אין דער מוזיק.

איך ווייס ניט, צי כ׳וועל נאָך יענע צייט דערלעבן
און צוגלייך מיט אַלע אין צוגעזאָגטן לאַנד אַריין, —
נאָר כל־זמן כ׳לעב וויל איך אין באַוועגונג לעבן
און זיין אַ טראָפּן אין אַ שוימענדיקן בעכער וויין.

ווער קאָן טראַכטן איצט פון יאָרן און פון עלטער
ווען וועלט עס ראַנגלט זיך און בלוטיקט אַזוי רויט;
ווי קאָנסטו זיין אַ האַרבסטיק בלעטל אַ פאַרגעלטער —
ווי קאָנסטו רואיק לעבן און ל ע ב נ ד י ק זיין טויט.

אין טעג אַזעלכע נישטאָ קיין צייט איז פאַר קיין שרעק און טרויער,
מיט בענקשאַפט צו דעם עבר וואַרפן בליק, —
אין דעם איבערטוויש פון ווערטן און פון וועלטן זיי אַ בויער,
און פאַרן טויט די שרעק מיט כח אונטערדריק...

# דער ברויזנדיקער עבר...

נאַריש וואָלט געווען די אויגן צו פאַרמאַכן
און ניט זען די ענדערונג אין זיך,
ווען ס׳רוקט די עלטער זיך אויף דיר פון אַלע שליאַכן
און דריקט זיך אויס אין דיין יעדן שטריך.

נאַריש וואָלט געווען די יאָרן צו פאַרשטעלן,
ווען אַזויפיל עדות זיינען דאָך פאַראַן;
ווען ס׳רייסט דער ענטפער זיך מיט באַווייז ראַיעלן
פון דיין יעדן איינציקן טראָט און שפּאַן.

ווען רוקן איז שוין היבשלעך אויסגעבויגן
און קני זיך ברעכן ווי פון שווערער לאַסט;
האַלב-צאַנקנדיקער פונק עם טונקט זיך אין די אויגן —
פאַרשוואונדן לאַנג דער יוגנטלעכער האַסט.

ווען הענט, ווי נאָך אַן איבערלעבונג שטאַרקער, הויבן אָן צו ציטערן
און שוואַכער כאַפּט-אויף דאָס געהער;
ווייטאָגן דאָס לעבן אָפט פאַרביטערן
און שניידן מיט דער וועלט אָפּ דעם פאַרקער.

מעגן אייניקע די עלטער ווי באַזינגען,
אין יום-טוב אויספּוצן מיט שיינע רייד, —
קאָן ווערמען איבערצייגן קוים געלינגען,
אַז אויך די עלטער האָט איר פרייד.

בלויז... דער ברויזנדיקער עבר — ער לאָזט דעם גייסט ניט פאַלן,
אין נויט ער דינט ווי אַן אַלט-געטרייער פריינט;
ער האַלט דיין קאָפּ באַזוימט מיט שטראַלן,
פאַרבינדט דעם עבר מיטן הייַנט.

און טרעפט אַמאָל: ס׳גיט וועלט אַ ציטער,
ס׳צעטראָגט אין לופטן זיך אַ רוף, —
דערשפּירסט די פליכט גלייך ווי אַ זעלנער אַ געניטער,
און פרישע קראַפט פילט־אָן דעם גוף.

ווי אַ פערד געוואוינט צו שלאַכטן,
גלייך ווי ס׳שאַלט נאָר אויף טראָמפּייט —
זאָטל אויפן רוקן אָנגעשפּיצט־דערוואַכטן,
און צום קריג שוין ווידער גרייט.

ס׳ווערן פּים מיט פרישע אָדערן פאַרצויגן:
זעט נאָר, ווי דער אַלטער שפּאַנט!
אַ נייע ליכט עס שטראַלט פון זיינע אויגן
און מיט דער יונגוואַרג גייט באַנאַנד...

# צום נייעם יאָר

אַ נייער יאָר קומט אָן —
וואָס ברענגט ער אונז און וואָס זאָגט אָן?

וואָס ברענגט ער אין זיין קאָרב באַהאַלטן? —
קאָפּיעס פון דעם יאָר דעם אַלטן,
אָנגעקליידט אין אַנדערע געשטאַלטן?
אָדער ברענגט ער עפּעס נייעס,
ליכטיקעס און פרייעס,
געראַמט אין זעאונגען אַמאַליקע ישעיה׳ס?

וואָס ברענגט ער אין זיין קאָרב צעטראָגן? —
אַלטע צרות, פּיין און פּלאָגן —
פון דעם וואָס מיר שוין לאַנג פאַרמאָגן?
אָדער איז אַ שטעל אַ נייער
אין זיין טראָט פאַראַן,
און אויסגעברענט אין פייער
איז זיין פאַרמעסט און שפּאַן?

ס׳איז דאָס פאָלק שוין מיד פון וואַרטן —
אין זיין גלויבן אָפּגענאַרטן —
אויף משיח דעם געגאַרטן,
און וואַרפט־אָפּ דעם צוזאָג פרומען,
אַז ווען־עס־איז וועט ער דאָך קומען...

ס׳איז מיד דאָס פאָלק פון לאַנגן האָפן —
נייע זינד און אַלטע שטראָפן —
אַלטער מאָרד און נייע וואָפן —
פאַרוויגט אין לאַקריץ־זיסן שלאָף,
אַז ווען־עס־איז וועט זיין צו דעם אַ סוף...

נייעם אומבייט פֿאָלק באַגערט —
דאָס אַלטע אויסגעברענט, צעשטערט, —
און אַ טרוים ווי מענטשהייט אַלט —
באַהעלט, באַפֿליגלט און באַשטראַלט —
אין אַ ווירקלעכקייט פֿאַרוואַנדלען באַלד...

אוים זאָל נעמען מיט די אַלטע פֿאָרמען,
אַלטע לאָזונגען, פּלאַטפֿאָרמען,
פֿאַרפֿיומען־שמעקנדיקע כלאָראָפֿאָרמען —
צוגעזאָגט, נאָר קיינמאָל ניט פֿאַרווירקלעכטע רעפֿאָרמען...

איז ווען דער נייער יאָר קומט אָן —
וואָס ברענגט ער אונז און וואָס זאָגט אָן?...

# ווי קאָן איך?

ווי קאָן איך היינט אַ דיכטער זיין
מיט אַ רואיקן געמיט,
ווען די גאַנצע וועלט צעשטורעמט איז
און אַרום מיר קאַכט און זידט?

ווי קאָן איך היינט פון ליבע זינגען,
ווען אַרום אַזויפיל האַס? —
פאַלש וואָלטן די ווערטער קלינגען,
און מיין שטים — ווי חוזקדיקער שפּאַס.

און ווי קאָן איך מיינע טעמעס קלייבן
צווישן בלומען אויפן פעלד? —
ווי קאָן מען וועגן שיינקייט שרייבן,
ווען אין בלוט פאַרטרונקען איז אַ וועלט?

און ווי קאָן איך אין שטילקייט זיצן,
אין דיכטער־טורעם פון עלפאַנט־ביין —
ווען אַרום קאַנאָנען פייער שפּריצן
און ס'טראָגט פון שטעט זיך אַ געוויין?...

---

ווי קאָן איך היינט אַ דיכטער זיין
פון אַלטן שטייגער־שניט,
ווען די גאַנצע וועלט צעשטורעמט איז
און מיט איר — אויך מיין געמיט...

# העי, דו זינגער!

העי, דו זינגער,
זינג אַ ליד מיר פונם טאָג,
זיינע אַנגסטן, זיינע פּלאָג,
און ווי ירמיה הויב־אויף אַ קלאָג
און איבער לענדער עס צעטראָג,
אַז די זון זאָל זיך צעבלאָזן,
אויפרייסן זאָל ברוק פון גאַסן
און צערודערן די מאַסן.

העי, דו זינגער,
זינג אַ ליד מיר פון דער צייט —
אויסגעלאַסן און פאַרשייט —
וואו די אומרעכט צו די הימלען שרייט
און דער אמת ווערט פאַרשפּייט,
און דער חוזק שפּאַנט מיט קאָפּ געהויבן,
טיילט־צו כבוד דעם ווער ס׳קאָן נאָר רויבן,
און מיט געלעכטער זוכט געשרייען פון באַרויבטן צו פאַרטויבן.

העי, דו זינגער,
זינג אַ ליד מיר פון דער צייט!

ווי קאָן מען אויג פאַרמאַכן
און ניט קוקן און ניט זען
די שאַנדעס און די שמאַכן
ברייט צעלייגט אויף אַלע שליאַכן —
און רואיק בלייבן זאָל די פּען? —
זען ווי קונציקע פּאַיאַצן,
ווי אין פעלד די ראַצן,
רויבן, פלינדערן די פאָלקס־פּאַלאַצן, —
און די אָדערן דערביי זאָלן ניט פּלאַצן?

העי, דו זינגער,
שפּילער פון דער פּען —
דיין אייגן קראַפט און ווערט דערקען!
הויב־אויף דיין שטים, צעריים די לופט
און מיט אַ קול וואָס שאַלט און רופט —
די מענטשן פון דעם שלאָף זייערן וועק
און הערשער אויף די טראָנען טויט־דערשרעק!
ווייט און ברייט ריים־אויף די וואונד,
ברען דעם יאַטער אוים ביז גרונד,
און פון פלעבייער אַלע שלים אַ בונד, —
און זאָל דיין מעכטיק אויסגעשריי
זיין אַ וועגווייזער פאַר זיי
און אַ פאָן פאַר פאָלקס־ארמיי...

העי, דו זינגער!

# אויפֿן קבֿר פֿון אַ געפֿאַלענעם זעלנער

די יונגע טעג
אין מארשן אויסגעטראָטן,
דאָס יונגע לעבן
אין קבֿר פֿארשאָטן.

חלומות און טרוימען
מיטן שלאַכט־רויך אַוועק, —
געבליבן אין לופֿטן
בלויז הענגען די שרעק.

גלוסטן, באַגערן —
ווי קלאַנג פֿון אַמאָל:
געבליבן אין אָנדענק
בלויז קבֿר אין טאָל.

---

שוועבל עס רעגנט
פֿון הויך עראָפּלאַן —
פֿון אַ ייִנגל אַ יונגן
ווערט אַן עלטערער מאַן.

פֿון שטאָלענע טאַנקען
מיט טויט אַרום שיסט —
עס ווערן פֿון שרעק
יונגע מוחות צעמישט.

נישטאָ איז קיין רעטונג
פאַר איינעם, פאַר קיינעם —
אין קבר אין זעלבן
ליגן אַלע אינאיינעם.

---

הענגט אויבן אַ ברעטל —
ניט צו פאַרזען:
דאָ ליגן קרבנות —
פאַרוואָס און פאַרוועןֿ?...

# די „האָרנעט״־נעסט

כ׳בין אַלעמאָל געווען אַ פּיינט פון שפּינען
און פון „האָרנעטס״ (פון דער משפּחה בינען).
אַ טבע האָבן זיי נאָר אויסצוזוכן
וואו אַ שוואַכן מאַן, צי פרוי,
און כדי דעם טעם פון זייער בלוט פאַרזוכן,
דערלאַנגען זיי אַ שטאָך אַזוי,
אַז יענע זאָלן עס גאַנץ לאַנג געדענקען
און זיך אַ סך מאָל גאָרניט קענען שענקען,
וואָס זיי זיינען געקומען אין זומער־פּלאַץ אַהער,
און אָפּשלאָגן ביי זיי יעדן חשק און באַגער
נאָכאַמאָל אַהער צו קומען:
אָנשטאָט געמיטלעך זומערן
דעם אָפּרו זיי פאַראומערן
און מיט „שמירן זיך״ גאָר זיין פאַרנומען...

נאָר איינמאָל האָט פּאַסירט,
אַז פון זומער־פּלאַץ דערווירט,
באַמערקנדיק אַ נעסט פון זיי ביי מיר אונטערן דאַך,
ניט וואַרטנדיק קיין סך,
אַ „שפּריצער״ האָט געבראַכט
מיט אַזאַ מין סמ׳יק שטאָף,
וואָס צושטערט די נעסט זייערע
און מאַכט פון זיי אַ שנעלן סוף...

די פליגן בייסיקע, דערשמעקנדיק געפאַר,
צעטומלטע ווי אין קאָשמאַר,
גענומען האָבן זיך די נעסט פאַרלאָזן,
מערסטנס פאַלנדיק פאַרסמטע אין די גראָזן.
אין אַ קורצער וויל געבליבן איז פון נעסט קיין צייכן
און פון די באַוואוינער זייגע — הרוגים אינם גראָז דעם ווייכן...

און כאָטש דאָס האָט באַפרייט מיך פון געפאַר —
און אַזוי אויך מיינע פריינט און געסט —
האָב איך אָבער אויך געפילט אַ צער
צו דעם צושטערטן „האָרנעט"-נעסט.
איך האָב געטראַכט:
אָט אַזוי אינמיטן נאַכט
באַפאַלט אין קריג אַ דאָרף אַ שונא,
און אין איין מינוט,
דורך פייער און דורך בלוט,
צושטערט די היימען זיינע;
און ווער אַ דאַך איבערן קאָפּ ניט לאַנג צוריק פאַרמאָגט,
ווי אַ חיה ווערט אין וואַלד פאַריאָגט;
און וואו לעבן נאָך ניט לאַנג צוריק געבליט —
אַ בית-הקברות שטייט מיט צלמים אין דער מיט...

# רעגן־טראָפּנס

'עדער טראָפּן וואַסער
וואָס פון אויג עס פאַלט,
אין זיין קיילעכדיקן אוצר
אַ גאַנצע וועלט באַהאַלט.

— אַ וועלט פון בייז און שלעכטן,
פון אומרעכט צום גערעכטן;
פון פייניקונג און שעכטן,
געראַנגלען און געפעכטן —
ווי אויך מיטגעפיל פון עכטן;
פון צער און פון ליידן,
פון טרויער און פון פריידן,
פון אומעט און געלעכטער
און ריינקייט בייז־פאַרשווערכטער;
פון אייפערזוכט און ליבע —
און גלאַט אַזוי אָן סיבה...

— פון זאַטקייט און פון נויטן,
פון שמחות און פון טויטן,
פון ערנסט און פון שפּאַס,
פון אויפרעגונג און כעס;
פון פריידיקן סורפּריז
און זינלאָזן קאַפּריז;
פון קנאה און פאַרדראָס
און אָן יעדן שום פאַרוואָס, —
טרערן פון די אויגן פאַלן —
אַמאָל אין אומאויפהערלעכע קוואַלן —
און וועלטן זיי פאַר אונדז צעפּראַלן...

---

יעדער טראָפּן וואַסער
וואָס פון אויג עס פאַלט,
אין זיין קיילעכדיקן אוצר
אַ גאַנצע וועלט באַהאַלט.

אויך יעדער רעגן־טראָפּן
איז אַ הימל־טרער, —
נאָר דורך זיינע מיליאָנען
דערציילט ער אונז נאָך מער...

# פאַרוואָס ניט יעדער מענטש?

א

פאַרוואָס ניט יעדער מענטש
זאָל אין לעבן גליק געניסן?
פאַרוואָס ניט יעדער מענטש
זאָל פון קיין נויט ניט וויסן?

ס'האָט די ערד צו געבן
פאַר אַלע דאָך גענוג:
ברויט פאַר זאַטן לעבן
און וויין אַ פולן קרוג.

ס'ווייסט די ערד קיין אונטערשייד
פון איינעם ביז צום צווייטן:
פאַר אַלע גלייך זי גרייט
אַ טיש פון אירע בייטן.

פאַרוואָס-זשע איז ביי איינע
דער טיש געגרייט מיט וויין,
און אַנדערע עס וויינען
ביי אַ לאָגל פול מיט פיין?

ווייזט-אויס, אַז ניט יעדער גלייך
קריגט פון גליק דעמזעלבן סכום:
איינער קריגט עס דאָפּלט-רייך
דער צווייטער מיט אַן „אום"...

II

פאַרוואָס ניט יעדער מענטש
זאָל מיט דער ברכה זיין געבענטשט
פון איידלקייט און פיינקייט,
מענטשלעכקייט און שיינקייט,
אָפּפערווילינקייט און גרייטקייט,
און ווייכקייט אינם טאָן:
— וואָס קען איך, ברודער, פאַר דיר טאָן?

פאַרוואָס ניט יעדערן באַגריסן
מיט אַ שמייכל און מיט פרייד? —
ווי אַ ברודער אין די אָרעמס שליסן
און העלפן אין אַ נויט זיין גרייט?

און פאַרוואָס טאַקע זאָל גאַנצע וועלט
ניט זיין מיט גוטסקייט פול באַהעלט,
מיט גליק און פרייד פון לעבן?
יעדער זאָל זיין חלק געבן,
זיין צושטייער וואָס ער קען,
און זיין מיטמענטש שוואַכן דערביי אויך ניט פאַרזען?

ווי גרוים וואָלט דאַן געווען די צייט!
ס'וואָלט דאַן גאַרניט זיין שוין ווייט
דער טאָג ווען מקוים וואָלט געוואָרן
די זעאונג פונם נביא:
נישט ווען־עס־איז, לעתיד לבוא —
אין ענד־ווייט פון די יאָרן —
נאָר טאַקע באַלד! —
אַ וועלט מיט זונען־ליכט צעשטראַלט,
טיר און פענצטער אויפגעפּראַלט,

הערצער מענטשלעכע צעוועקט,
פון דרעמל לאנגן אויפגעוועקט,
דאס שלעכטס אין זיך פארמעקט,
אפגעווישט און אויסגעמעקט, —
און צו הויכקייטן באוועגט —
דעם ריינעם מענטש אין זיך אנטפלעקט!

ווי גרויס וואלט זיין דאס יענער טאג! —
ליכט פון שטראלענדן פארטאג,
ברייט-צעהעלטע גאסן
מיט פרייד, געלעכטער און מיט שפאסן,
און — איינער צו דעם צווייטן נאנט —
שפאנען צו א ליכטיק-העלן האריזאנט!
דאס גליק די גאנצע וועלט פארכאפט,
אין יעדער טיר מיט שטאלץ עס קלאפט,
פון יעדנס הארץ מיט פרייד עס זינגט, —
און דאס לעבן אזוי לייכט און גרינג!
די לופט מחיהדיק און זיס,
עס הויבן זיך צום טאנץ די פיס,
פון אקסלען פאלט אראפ א יאך —
שבת-גייסט פארבייט די וואך,
און אנשטאט א וועלט פון ליידן
הערשט א שטענדיקער גן-עדן...

---

פארוואס זאל טאקע ניט דער מענטש
מיט אט דער ברכה זיין געבענטשט?...

# וואָס וועט זיין?...

געזעסן איז דער אַלטער נביא
איינזאַם אין זיין ווייטן חדר,
טיף פאַרזונקען אין מחשבה
וואָס האָט געמאַטערט אים כסדר,
און איז פול געווען מיט פּיין:
— וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?...

ס'איז די וועלט פאַרפלייצט פון זינד —
טיף פאַרזונקען ביזן האַלדז;
איז צו שטראָף־רייד טויב און בלינד,
זינקט אין שמוץ וואָס טיפער אַלץ.

אָפּגעפרעמדט דעם אויער איז גאָטס הייליק וואָרט,
אין מיסט זיך וואַלגערט זיין מאָראַלישער געבאָט;
דער נאָמען וואָס האָט אַלעמאָל מיט יושר און מיט צדק זיך געפּאָרט,
ווערט אַרויסגערעדט מיט חוזק און מיט שפּאָט.

ס'האָט קענטיק אויפגעוואַכט אין מענטש די אַלטע חיה
און זוכט דעם וואַלד דעם אוראַלטן אויפלעבן צוריק;
פאַרשפּיגן ווערט די אַלטע זעאונג פון ישעיה,
מיט שמוץ פאַרוואָרפן זיין ווייטער בליק.

פול די וועלט געוואָרן מיט רשעות און מיט האַס,
פול מיט צאָרן גיפטיקן און ביטערן געלעכטער:
ס'ברענט אין יעדערן אַן אומגעשטילטער כעס —
דער מ ע נ ט ש אין אים ליגט ערגעץ אַ פאַרשוועכטער.

ס'שאַרפט אַ מעסער ברודער קעגן ברודער
און איז גרייט אין האַרץ אַריינשטעכן אים גליך, —
אין אַ וועלט געזעצלאָז און צערודערט
איז ק י ן גאָר געווען אַ צדיק אין פאַרגלייך!

פון אכזריותן ציט אַ לאַנגער זיך מאַרשרוט,
ברוטאַלע האַרץ ווערט קיינמאָל ווייך, —
ווי געדורשט וואָלט יעדער בלויז נאָך בלוט,
אַזש קעגן היינט דער אַמאָל קען ווערן בלייך.

— איז וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?
וועט ווען פון זון באַווייזן זיך אַ שיין?
וועט פאַרשווינדן שווערד פון האַנט און מעסער —
און די וועלט וועט ווערן שענער, בעסער?

---

געזעסן איז דער אַלטער נביא
טיף פאַרזונקען אין מחשבה
און געמאַטערט זיך כסדר
אין זיין וויטן חדר,
און געפרעגט מיט צער און פיין:
— וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?...

# חלומות

חלומות בייזע כ׳האָב געהאַט די נאַכט
וואָס אָפּגעשפּיגלט האָבן זיי דעם טאָג:
פון וואָס געזען, פון וואָס געטראַכט —
אין שלאָף מייַנעם ז׳געווען דער עפּילאָג.

ברוטאַלע מאַכט בלויז הערשט אַרום,
טעמפּעראַמענט יעדערנס אָנגעגליט ווי פייער;
אויפרעגונג און שרעק עס וואַנדערט אומעטום —
אַ מענטשנס לעבן איז ניט ווערט קיין דרייער...

דער איינציקער קאָליר וואָס הערשט — איז בלוטיק־רויט,
און מענטשנס גייסט איז איינגעקלאַמערט אין אַ צוואַנג;
די לופט איז פול מיט נייעסן פון טויט,
און קרעכצן מענטשלעכע — דער הערשנדיקער קלאַנג.

מאָרד און מאָרד און ווידער מאָרד —
די ראַדיאָ האָט ניט קיין אַנדער נייס;
פייניקונג ז׳געוואָרן דער באַליבטסטער ספּאָרט —
און ווערט דורכגעפירט מיט חשק און מיט פלייס.

בלוט און בלוט און ווידער בלוט —
ווי וואַלד־חיות אין גאַס וואָלטן געשפּאַנט:
ס׳גייט דער מענטש אויף אַ צ ו ר י ק ־ מאַרשרוט
און בלינדערהייט פאַררייסט דעם קאָפּ ער אָראַגאַנט...

---

חלומות בייזע כ׳האָב געהאַט די נאַכט
און אויפגעשטאַנען מיט אַ שווער געמיט:
כ׳האָב געזען די וועלט באַהערשט פון אַ ברוטאַלער מאַכט, —
דערפון מיין טרויעריקע ליד...

# קין

איז קין דעם ערשטן מאָרד באַגאַנגען?
איז ער דער ערשטער מערדער אויף דער וועלט געווען?
אָדער בלויז: זיין טאַט די ערשטע איז צו אונז דערגאַנגען
און נאָך לאַנג פאַר אים — מאָרדן שוין אַ סך האָט די וועלט געזען?

אַלעןפאַלס, פאַר אַ מוסטער האָט ער געדינט אַ גוטן —
די וועלט פון אים געלערנט האָט גאָר פיל:
ווי אַ ברודער אייגענעם דערשלאָגן קאַלט ביז בלוטן
און אָפּטויטן אין זיך יעדן מענטשלעכן געפיל.

איצט איז פול די וועלט מיט מאָרדן —
מעג עס פרעמדער זיין, צי ווער פון אייגן בלוט:
געוואָרן איז עס איינס פון די באַליבטסטע ספּאָרטן —
און טשעמפּיאָן — דער גרעסטער און קאַלטבלוטיקסטער ברוט...

---

צי קין דער ערשטער איז געווען, צי פילע נאָך פאַר אים? —
אַלענפאַלס זיין טאַט אַ מוסטער איז געווען:
ווי פאַרטויבן אויערן פאַר קרבנ'ס גוסס'דיקער שטים,
און ברודערס צאַפּלדיקן בלוט מאַכן זיך ניט זען...

# פון וואַנען?...

פון וואַנען זאָל איך ליבשאַפט שעפּן,
אַז אַלץ אַרום איז פֿול מיט האַס? —
בילדער פון קאַלירן העלע קלעפּן? —
אַז די זון אַליין איז בלאַס...

פון וועלכע ווערטער זאָל איך פערזן שאַפן,
אַז אָפּגעטויט פון וואָרט זיין גייסט? —
ווען לידער מער קיין פרייד פאַרשאַפן
און הירזשעריי דאַס אויער רייסט?

דעריבער גייען לידיק וואָכן,
שפּאַנסט מיט אומעט אין געמיט:
ווען דאַס הארץ איז פוסט, צעבראָכן —
שרייבט זיך ניט קיין ליד...

# מיין פידל

זאָל מיך ערגערן און פאַרדריסן,
וואָס אין מיין פידל אַ סטרונע איז צעריסן? —
אַז סיי־ווי מענטשן אויערן פאַרשליסן
און ווילן מער פון קיין מוזיק געניסן.

זאָל איך אַוועקלייגן מיין קאַמערטאָן,
ווייל אין מיין פידל פעלט אַ טאָן? —
אַז סיי־ווי קלינגט געזאַנג איצט מאָנאָטאָן
און די קונסט אַראָפּ פון אויבנאָן.

פלאַך געוואָרן ז׳מענטשלעכע פּערזאָן,
אָפּגעשפּילט דער גייסט זיין קאָן, —
פאַרוואָרפן וואַלגערט זיך באַטאָן,
ווען מוזיק איז קריי פון האָן.

זאָל איך קלאָגן אויף דער סטרונע? —
אַז פאַרשוועכט איז יעדע כהונה,
אָפּגעצערט איז די אמונה,
און די קרא פאַרנעמט טריבונע...

# דאָס זעלבע ווי אַמאָל

מענטשן פליען אין די רוימען
וואו די לופט איז לייכט און שיטער,
לאָזן זיך אַראָפּ אין תהום׳ען
גאָר אָן שרעק און ציטער.

מאַכן קאָזשלקעס אין לופטן,
וויגן זיך ווי אין אַ בעטל,
יאָגן ווי אויף שליאַך זיך אויסגעפּרואווטן,
הויבן גרינג זיך ווי אַ בלעטל.

און אין אונטערגרונט פון ים׳ען —
גאָר אָן מורא און אָן שרעק —
חדשים־לאַנג זיך דאָרטן זאַמען,
פאַרשן־אוים דעם דעק.

און נאָך אויף וואונדער פיל געקאָנט וואָלט מען מיט פינגער צייגן:
נייע כלים און געצייגן, —
ס׳האַלט דעם מענטשנס שכל אין איין שטייגן,
זיך אויסברייטערן און פאַרצווייגן.

אַלצדינג, דאַכט זיך, האַלט זיך אין איין בייטן:
נייע אויפטועון און נייע צייטן,
נאָר די וועלט — ניט איבערטריבן —
דיזעלבע ווי אַ מאָל ז׳געבליבן.

דערזעלבער מענטש, דיזעלבע שנאה,
דיזעלבע קאַמפן ווי אַמאָל און שטרייטן, —
ס׳איז פאַר אים קיין נפקא מינא:
מעג זיך אַלץ אין לעבן בייטן...

# גראָזן

איך זיץ אויף דער לאָנקע ביטאָג
אין אָפּרו נאָך שווערן געיאָג,
און קוק אויף די גראָזן באַזאַכט,
מיט שאָטן פון זון־שיין באַוואַכט.

איך קוק אויף די גראָזן און טראַכט:
ס׳וואַקסן דאָ אַן אַ שיעור סאָרטן;
קיינע די צווייטע פאַראַכט:
שכנים פון זעלביקן גאָרטן.

צענדליקער סאָרטן דאָ וואַקסן
קיין ענגשאַפט דעם צווייטן פאַרשאַפט:
שטייען־אוים פון דיזעלביקע שלאַקסן,
זויגן פון זעלביקן זאַפט.

דאָך לעבן דאָ אַלע בשלום,
ניט איינע די צווייטע געריסן —
ניט זוכן דעם צווייטנס מפּלה,
ניט רייסן ביים צווייטן דעם ביסן.

די מענטשן גאָר אַנדערש זיי זיינען:
פיל קלענער פון גראָזן אין צאָל —
דאָך האַנדלען ניט זעלטן ווי שווייינען:
די גאַס איז פאַר צווייען צו־שמאָל...

# יעדעס לאַנד

יעדעס לאַנד מיט אירע מענטשן,
יעדעס לאַנד מיט אירע זיטן;
יעדעס לאַנד מיט איר קלימאַט,
טעמפּעראַמענט אין די געבליטן.

יעדעס לאַנד מיט אירע פּירונגען,
געוואוינהייטן און שפּראַך, —
און אונטערשיידן אַנדערע,
פֿאַרשיידן און אַ סך.

נאָר אין יעדן לאַנד די מענטשן
דיזעלבע האָבן זיי באַגערן:
לאַכן פֿון דיזעלבע שפּאַסן,
וויינען מיט דיזעלבע טרערן.

און פֿאַרלאַנגען פֿונם לעבן
אויך דאָסזעלבע: בלויז נאָר גליק;
ווער עס קאָן זיי דאָס נאָר געבן —
צו זייער האַרץ זיך בויט אַ בריק...

# אויפן שייד־וועג

איך שטיי אויפן שיידוועג פון שטורמישע צייטן,
די ווינטן די ריכטונג האלטן אין בייטן;
זיי שאקלען מיך אום ווי א בוימל און וויגן —
זוכן מיט װארצל ארויס צו באזיגן.

איך שטיי אויפן שייד־וועג פון שטורמישע צייטן,
פארנעפּלט דער וועג איז ניט בלויז פון ווייטן;
בליצן אויך מערניט דעם וועג זיי באלייכטן,
גליטשיק דאס גראז איז פון נעבל פון פייכטן.

שווער איז דעם ריכטיקן וועג צו געפינען,
אז גרוי איז דער טאג נאך פון פריען באגינען;
שטייסט און דו ווארטסט ביז א שטראל וועט דערשינען —
נאר די ליכט זוכט וואס ווייטער פון דיר צו אנטרינען.

שטייסטו פארלארן אויפן שייד־וועג פון צייטן,
זוכסט פונם כאאס פארשטיין די באדייטן —
נאר ס׳האלטן די ווינטן די ריכטונג אין בייטן,
פארווישן די צייכנס, די פוסטריט פארבייטן...

# די שפּין אויף דער וואַנט

אויף דער וואַנט אַ שפּין
איר שפּינוועבס האָט פֿאַרצויגן,
האָט אַ פֿליגעלע פֿאַרנאַרט אַהין
און האַלט איר בלוט אין זויגן.

און אין מיין האַרץ זיצט אויך אַ שפּין
און מיין בלוט עס נאָגט:
ניט טאָג, ניט נאַכט קיין רו כ׳געפֿין,
פֿון אויג ביי מיר דער שלאָף פֿאַריאָגט.

אַזויפֿיל גלויבן איז אין מיר געווען! —
מיין גאַנצן לעבן אויף אים איינגעשטעלט! —
פֿאַרטיידיקט אים מיט האַרץ און ברען,
באַהעלט מיט אים מיין גרויע וועלט.

איז פּלוצלונג עפּעס אַרום מיר געשען
וואָס האָט צעטרייסלט מיין געווויסן:
כ׳האָב אין דער פֿינצטער גאָר אַ נייע ליכט דערזען
וואָס האָט דעם פֿונדאַמענט פֿון אונטער מיר אַרויסגעריסן.

מיין שלאָף איז איצט פֿון מיר פֿאַריאָגט,
מיין געלעגער איז פֿון רו באַרויבט;
אַזויפֿיל גלויבן וויפֿל כ׳האָב אין זיך פֿאַרמאָגט! —
און איצט ליגט עס צעבראָכן און פֿאַרשטויבט...

# דאָס צוגעזאָגטע לאַנד

ווייט, גאָר ווייט, פון יעדן לאַנד,
טיף פאַרשטעלט פון בערג און וועלדער,
טייכן, אָזערעס און טיפע זומפּן,
אַהינטער אַלע הרי־חושך —
אויף יענער זייט סמבטיון־טייך —
ליגט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד.

איז דאָס לאַנד דאָרט גרויס און ברייט,
רחבות'דיק צעשפּרייט אין אַלע זייטן:
ווייט צעוואָרפן אירע פעלדער,
טיף זיך ציען אירע וועלדער,
ענדלאָז אירע טייכן.
און די ערד איז שוואַרץ און פעט,
רייך אין תבואות, גריזים און פרוכטן,
רייך אין פי און סטאַדעס קעמלען,
רייך אין זויג־חיות און טשאַטעס פייגל,
רייך אין פוטערוואַרג — די וועלדער
און אין פיש — די טייכן.

דאָרט לעבן מענטשן זאָרגלאָז,
ווייסן ניט וואָס שרעק באַטייט:
וואָס עס מיינט צו קאַרגן, שפּאָרן
און פאַרזאָרגן אויפן מאָרגן.
דאָרטן ווייסן מענטשן ניט
פון אָרעמקייט און נויט,
פון דחקות און געפאַלנקייט,
פון שפלות און דערנידערונג,
באַליידיקונג און אָפּשפּאָטונג,
גויט־באַדערפטיקייט און צער —

און גלייכצייטיק :
פון רייכקייט און צעפלאָסנקייט,
עשירות און צעוואָרפנקייט,
הפקרות און צעלאָזנקייט,
צעזויפנקייט, צעפרעסנקייט,
צעשפּאַרטקייט און קמצנות, —
יעדער פון זיין מי עם לעבט
באַשיידן און אָן זאָרג.

דאָרטן וויסן מענטשן ניט
פון קלאַסן־האַס און קלאַסן־קאַמף,
פון שקלאַפן און פון פרייע,
אַרבעטער און באַלעבאַטים,
דעה־זאָגער, נכבה׳ס,
אויספירער, באַפעלערס,
עלטסטע און פון קלענסטן גראַד.
דאָרטן וויסן מענטשן ניט
פון הערשער און באַהערשטע,
אונטערטעניקע, באַפעלער,
דינער און באַדינטע,
באַצווינגער און באַצוואונגענע.
דאָרטן וויסן מענטשן ניט
פון באַ׳עוולטע, גע׳רודפ׳טע,
באַרויבטע און געקריוודעטע,
באַשווינדלטע און אָפּגענאַרטע, —
דאָרטן לעבן מענטשן אַלע
ווי ברידער און ווי שוועסטער :
איין משפחה גרויסע —
קינדער פון איין מאַמען.

און אַ פרייד ליגט אויסגעגאָסן
דאָרט אויף אַלע מענטשן־קעפּ —
אַ שמייכל רוט אויף יעדנס פּנים:
אַ גליקזעליקער שיין
אין יעדן מענטשנס אויג.

דאָרט זייט מען ניט מיט טרערן,
דאָרט שניידט מען נאָר מיט פרייד:
די ערד טוט יעדן געבן —
פאַר יעדערן אַ טייל איז גרייט.
און פרוכטן פון די ביימער
רייסן ברייט די אויגן,
וועקן אַפּעטיטן
און זיי בעטן זיך:
רייסט וויפל איר קענט
און נעמט וויפל איר דאַרפט,
און האָט פון אונז הנאה.
דאָרט ווייס מען ניט פון הונגער,
דאָרט ווייס מען נאָר פון זעט —
קיינער שטרעקט זיין האַנט ניט אויס
און ביים צווייטן בעט.

דאָרט ווייס מען ניט פון קריג,
דאָרט ווייס מען ניט פון זיג —
קיינמאָל שאַרפט אַ ברודער ניט
אַ האַק קעגן אַ ברודער,
און קיינמאָל ווערט קיין שפּיז געברענט,
און קיינמאָל קיין געווער געשמידט,
און קיינמאָל הויבט קיין האַנט ניט אויף

איינער קעגן צווייטן:
פריינטלעך לעבן מענטשן דאָרט
ווי ברידער און ווי שוועסטער —
מיט גליקוואונטש אינם האַרצן,
מיט זעליגקייט אין אויג.

נישטאָ דאָרטן קיין מורא
פאַר מענטשן און פאַר חיות:
קיינער פאַרן צווייטן
פילט קיין שרעק אין האַרצן,
זוכט דעם צווייטן ניט קיין שלעכטס צו טאָן.
דאָרט הויזן פריי צוזאַמען
אַ לעמעלע, און טיגער,
אַ שעפעלע און וואָלף,
אַ ציגעלע און לעמפּערט, —
אַלע פּאַשען זיך צוזאַמען
און זויגן אָפּט פון זעלבער ברוסט,
ווי געווען וואָלטן פון זעלבער מאַמען.

דאָרט ווערן שלאַנגען גאָר אָן גאַל געבאָרן
און שפּילן זיך אין גראָז מיט קליינע קינדער;
יונגען אָרום האַלז זיי וויקלען
און צירן זיך מיט זיי ווי קראַנצן.

קיינמאָל דאָרט די זון פאַרגייט
און קיינמאָל ווערט דער טאָג פאַרלאָשן,
און קיינמאָל ניט די קילע נאַכט
פאַרדאַרבט דעם אַראָמאַט פון בלומען:
טאָג איעדערן מיט פרייד באַגלייט
און נאַכט נעמט־אויף מיט ליבע אָרעמס —

יעדן אין אַ זיסן שלאָף פאַרוויגט
נאָך אַ טאָג פון ערלעך מי
און גרייט־צו פאַר נייעם מאָרגן
אָן אויפגעפרישט־דערוואַכטן.

אַט אַזוי קוקט אויס דאָס צוגעזאָגטע לאַנד.

נאָר שווער איז אַט דאָס לאַנד דערגרייכן,
אוממעגלעך כמעט.
ווייט דאָס לאַנד איז,
הינטער אַלע הרי חושך,
מיט סמבטיון־טייך פאַרשטעלט.
און ניט פריינטלעך איז סמבטיון,
בייז און אָנגעכמורעט,
ברוגז און פאַרצאָרנט,
ווי געווען וואָלט אייפערזיכטיק
אויפן אוצר וואָס ער היט.
קאָכט און ברויזט מיט צאָרן ער
סיי טאָג, סיי נאַכט, אָן אויפהער,
און קאָן זיין אויפרעגונג ניט שטילן.
שפּריצט מיט קאָכעדיקן וואַסער,
וואָרפט מיט אָנגעגליטע שטיינער,
און שפּייט אָן אויפהער
מיט פאָנטאַנען קאָכעדיקער סמאָלע...

קומען מענטשן צו
נאָך יאָרן וואַנדערן און זוכן,
נאָך אויסשטיין אַלערליי נסיונות,
נאָך דורכמאַכן די שווערסטע שטרויכלען,

און גלויבן: ענדלעך האָבן זיי דעם ציל דערגרייכט! —
ענדלעך וועלן רו געפינען זיי
און גליק געניסן
אינם צוגעזאָגטן לאַנד!
נאָר סמבטיון — אַ צערודערטער,
אַן אויפגערעגטער און צעקאָכטער,
אַ בייזער און צעווילדעוועטער,
וויל זיין כעס ניט שטילן,
זיין אייפער ניט באַהאַלטן
און זיין אימפעט ניט פאַרהאַלטן, —
און דעם וועג פאַרשטעלט
מיט זיין שאַרפן צאָרן...

קוקן מענטשן אויפן בילד מיט שרעק,
שטאַרן מיט צעפלאַמטע אויגן,
און מידע און אַנטוישטע,
צערודערטע, פאַרצווייפלטע,
אָפגענאַרטע און דערשלאָגענע,
בויגן זייערע רוקנס אויס
און קערן זייערע פיס צוריק,
און אין אַנמאַכט לאָזן זיך —
צוריק אַהיים, צוריק...

---

...און ס'בלייבט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד
בלויז אַ שיינער צוזאָג — —
אַ ווייטער טרוים אַן אויסגע'חלום'טער,
אַן אויסגעבענקטער און פאַרגעטערטער,
פאַרהייליקטער און טיף־באַגערטער —
נאָר קיינמאָל קיין דערגרייכבאַרער,
פאַרווירקלעכטער, רעאַליזירטער...

# מיין אני־מאמין

איך בויג מיין קאָפּ פאַר קיינעם,
מיט הייליגקייט פאַרוועב —
קלייב ניט אויסעט איינעם
און אין זיין שאָטן שוועב.

איך גלויב ניט אין קיין געטער —
ניט אין הימל, ניט אויף ערד:
ניט איינמאָל אַזאַ „רעטער"
גלויבנס האָט צושטערט.

און מעג די וועלט ווי איינעם
מיט הייליגקייט פאַרוועבן —
איר גערעכטיקייט, צי טעות ריינעם
וועט ווייזן ערשט דאָס לעבן.

און מעג די וועלט אים ווי באַזינגען,
אַרויסשטעלן פאַר מענטשהייטס גרעסטן רעטער, —
די וואָר אין לופט וועט קלינגען
ערשט מיט יאָרן שפּעטער.

מיין וועגווייזער אין לעבן
איז מיין אייגן האַרץ און קאָפּ:
איך גלויב ניט אין קיין רבי'ן —
און קולט זייערן וואַרף איך אָפּ...

# די לבנה און די ערד

שווער צו וויסן, ווי אַזוי, פון וואַנען —
אַז עס איז דאָך אַזוי ווייט פון דאַנען —
גאָר ס׳זיינען פאָרט דאָך בליצד דערגאַנגען
פון דער ערד צו דער לבנה קלאַנגען,
אַז יענע וואַרפט שטיל פאַרשנדיקע בליקן
אויף איר, דער שכנה — די לבנה,
און האָט אינגיכן בכוונה
אהינצו אַן עקספּעדיציע שיקן
כלומרשט פאַרשן דאָרט די אַטמאָספער:
די לופט — צי לייכט, צי שווער;
ווי טיף די פלאַסטן זאַמד געדיכטע,
וואָס דערציילן דאָרפן איר געשיכטע,
איר געבורט: ווי אַלט זי איז,
און דורך קונציקן געדרייטן אַנאַליז
באַשטימען פּרוּוון מער־וויניקער גענוי
איר אָפּשטאַמונג: ווען און ווי אַזוי —
אויב בכלל אין דעם מהלך רב
איז מעגלעך אויסגעפינען וואָס פון דעם באַשאַף.
אָבער אָט די אַלע פיינע צילן
גאָך אַנדערע כוונות אויך פאַרהילן,
וואָס צווייפלען קאָן מען, צי זיינען טאַקע זויבער־ריין
אָדער פאַרשטעלטע בלויז — באַהאַלטן און געמיין...
נעמלעך: צווישן פלאַסטן הארטן שטיין
פּרוּוון אויפדעקן אַן אוצר מאַטעריאַלן
פון שפּאָגל־נייע און לאַנג־באַוואוסטע שוין מעטאַלן,
וואָס אַריינברענגען זיי קאָנען ריזן־קאַפּיטאַלן
אין די הענט פון אונטערנעמער — פּיפּיק־געניאַלן...
פּרוּוון אויפדעקן אונטערן שטיין ריזלדיקע קוואַלן
וואָס אַנטהאַלטן מעגלעך רייכע מינעראַלן,

ניט בלויז נוצלעכע פאַר גוט און וואויל,
נאָר אויך טאַקע דעם גוט-באַקאַנטן אויל
וואָס האָט שוין אויף דער ערד געשאַפן
מלחמות מיט די ערגסטע וואָפן,
פייערן אויף וועלט צעצונדן
און איבערגעלאָזט פעלקער מיט די שווערסטע וואונדן,
פאַרוויסטונגען און גרויל.
און וואָס ערגער נאָך: ווי צו באַשטעטיקן פאַרדאַכט,
האָט זי אין די קלאַנגען
וואָס צו איר זיינען דערגאַנגען
געהערט, אַז נאָך אַ צווייטע מאַכט
קלייבט זיך מיט דער ערשטער קאָנקורירן
און איר אייגן פאָרשונגס-אַרבעט סטימולירן.
(און באַוואוסט איז שוין פון לאַנג צו וואָס אַזאַ געיעג קאָן פירן...)

דערהערט האָט די לבנה פון דעם קלאַנג,
און ווי געביסן פון אַ שלאַנג,
איז זי פון שרעק אַזש בלאַס געוואָרן...
די שטאָלצע הערשערין וואָס האָט מיליאָנען יאָרן
באַהערשט אַ יעדע נאַכט די וועלט,
האָט פלוצלונג זיך דערפילט פאַרלאָרן.
— נאָך דאָס האָט איר געפעלט! —
אַראָפּקריגן פון יענעם פינצטערן פלאַנעט —
כאָטש איינגעוויקלט אין אַ זילבערנעם בוקעט —
די אַלע צרות, פיין און פּלאָגן,
וואָס זיי דאָרט מיט אַ פולער האַנט פאַרמאָגן?
אַראָפּקריגן די אַלע רשעותן און בייז,
יסורים, ליידן, בלוט און שווייס,
פיין און טרויער, מענטשן-שלעכטס,
קנאה, שנאה, האַס און מאָרד,

און אַלץ וואָס נאָר מיט זיי זיך פּאָרט,
אויסגעמישט אין איין גרויסן טייוולשן געקעכץ? —
אַראָפּברענגען די אַלע פינסטערע אינסטאַנצן
און זיי דאָ אויך, פּונקט ווי דאָרט, פאַרפלאַנצן?... —
אָ, גאָט, באַשירעם זי פון דעם, דערלייז!

ביליאָנען יאָר האָט זי געלעבט,
מאַיעסטעטיש יעדע נאַכט געשוועבט,
געווען אַ בילד פון שטילער פּראַכט,
קיינעם ניט באַלעסטיקט און אַלעמען באַוואַכט, —
און איצט זאָל די ערד זי אָנשטעקן
מיט איר גיפטיקן באַציל?...
איר אומשולד מאָוס'דיק פאַרפלעקן
מיט אירע פליאַמעס פיל? —
שווער אַראָפּצושלינגען אַזאַ ביטער פיל...

— ניין! מיט אייגענעם כלי־זין
פון אַ פּלאַנעט אַ פרייען
וועט זי דעם מענטשן שטעלן זיך אַנטקעגן!
אָן קולות און געשלעגן
וועט אים פאַרשטעלן אַלע וועגן —
און זאָל ער פּרוּוון זיך באַוועגן
אין דעם אומהיימלעכן פּאַר אים רוים!
יעדער באַרג וועט זיין פאַר אים אַ צוים!
יעדער קראַטער — אָן אומענדלעכער טיפער תהום!
און די אומגעבונג די גאַנצע — אַ שווינדלעכער סדום...

נאָר נים באַוויזן האָבן ליפּן דער לבנה׳ס
אויסצורעכענען די אַלערליי סכנות
וואָס דעם מענטש דערוואַרטן —
ווי אין באָדן אין דעם האַרטן
האָט מיט שרעקלעכן געבריל
פּלוצלונג אָנגעהויבן בויערן אַ דריל,
און פון דעם שטיין ביליאָנען יאָרן אַלטן
האָבן אָנגעהויבן פאַלן שטיקלעך און זיך שפּאַלטן,
און איידער וואָס־נאָך־ווען
האָט די לבנה שוין דערזען
אין איר אינגעווייד אַ זייל פּאַרפּעסטיקט מיט בעטאָן —
און פלאַטערן פון אים אַ פרעמדע אומהיימלעכע פאָן...

דער לבנה׳ס קני האָבן זיך ציטערדיק גענומען בויגן,
אין גרויסן צער האָט זי פאַרמאַכט די אויגן,
און נידעריק אַראָפּ
אַראָפּגעלאָזט איר קאָפּ —
איר פּנים אין טרויער שטיל פאַרהילט:
ווייטאָגדיק האָט זי דעם אמת איצט דערפילט,
אַז איר קאַמף איז האָפנונגסלאָז פאַרשפּילט...

# די צוויי שטיינער

אַן אײנפאַך גאַסן־שטײן,
וואָס האָט קיינמאָל ניט געזען פון קיין מענטשנס חן,
נאָר שטענדיק גרינגשעצונג און אומכבוד געהאַט,
און ווער — צי יע, צי ניט באַדאַרפן —
האָט זיך מיט אים געשליידערט און געוואָרפן,
ווי ער וואָלט קהל'שער אייגנטום געוועזן אַקוראַט —
האָט צוגעקוקט זיך צו דעם שטאַרקן ווען
און גרויסן טאַראַראַם און אַנשטעל גראַנדיעזן,
וואָס עס האָט אָנגעמאַכט
די מ'שטיינס־געזאָגטע הימלישע מתנה
וואָס די אַסטראָנאַטן האָבן מיטגעבראַכט
פון דער ביז־איצט מיסטישער און אינטריגירנדער לבנה:
שטויב אַ ביסל און אַ פּאָר שטיינער...
פונקט ווי אַזעלכעס ניט געזען וואָלט נאָך ביז איצט קיינער...
איז וואָס פאַר אַ פוראָר
דער ווייטער גאַסטראָליאָר
האָט עס אָנגעמאַכט אויף אונזער ערד!
געלערנטע מיט גרויסע נעמען,
אַלטע קאַרפּן־קעפּ מיט גרויע בערד —
פאַרבויגן זייער כבוד און זיך גאָרניט שעמען
צו זוכן אַ באַהאַלטענע כוונה
אין פּראָסטן שטיין! וואָס איז? — עס קומט פון דער לבנה...

— זעט נאָר, אדרבה, ווי מען נישטערט, ווי מען טאַפּט,
ווי ביי יעדערן דאָס האַרץ עס קלאַפּט:
טאָמער וועט מען עפּעס־וואָס אַנטדעקן
און אַ נייעם עלעמענט פון דער נאַטור אַנטפּלעקן...

— טאָמער וועט אַ ווייטער סוד,
פאַרשטעקט אין טיפעניש פון צייט,
דערנענטערן צו מענטש זיין טראָט
און ערדיש מאַכן זיין באַדייט...

אָט אַזוי האָט גאָסן-שטיין
גע׳חקירה׳ט זיך, פילאָזאָפירט,
און פאַרשטעלנדיק דעם אמת׳דיקן מיין —
מיט זיך אַליין אין שטומקייט דיסקוטירט.

דערפילט אָבער האָט איינער פון די „הויכע" געסט
די קנאה אין די רייד פון שטיין,
און וועלנדיק אַרויסווייזן אַ ברודערלעכן זשעסט
געפּרוּאווט אים טרייסטן, אַז ע ר קאָן אויך דערצו דערגיין...

— עס איז ניט שווער פאַר דיר אויך צו אונזער שטאַנד דערגרייכן —
מען מוז ניט דווקא קריכן צו דער לבנה׳ס הייכן:
ווען דו זאָלסט האָבן נאָר
אַ ביסעלע געדולד
און אָפּוואַרטן אַזוי ווי מיר
אַ דריי צי פיר
ביליאָנען יאָר —
דער וואונטש דיינער וועט ווערן דאַן פאַרפולט,
און פונקט ווי מיר
ווערן וועסט געצערטלט און באַגולדט...

# דער יונגער יעגער

א יונגער יעגער איז אויף יאַגד געגאַנגען
און אַ קליינעם הירשעלע אין וואַלד געפאַנגען.
נאָר געטראָגן אויפן אַקסל האָט ער אים, ווייזט אויס, שוין אַ טויטן:
קענטיק ז׳דאָס געווען פון דעם שנירל בלוט דעם רויטן
וואָס האָט פון הירשלם מויל זיך איבער דר׳ערד געצויגן,
ווי אויך פון זיינע שטאַרע לעבנסלאָזע אויגן.
קענטיק, דער יעגער האָט ניט לאַנג צוריק דאָס הירשעלע דערשאָסן
און דאָס בלוט זיינס, ניט פאַרגליווערט נאָך, האָט פון זיין וואונד געפלאָסן.

באַגעגנט האָט דער יעגער אויפן וועג אַ מאַן אַן אַלטן,
וועלכער דערזעענדיק דאָס בילד פון דעם מאַרשרוט
אָפגעפאַרבט מיט פרישן אומשולדיקן בלוט,
האָט זיין פאַרדראָס פון יענעם ניט געקאָנט באַהאַלטן,
און אָנרופנדיק דעם יעגער מיט אַלערליי ניט פיינע נעמען,
געפרואווט אים פאַרן אייגענעם געוויסן צו פאַרשעמען
און אַרויסרופן אין אים כאָטש אַ שטיקעלע חרטה,
אַ ביסעלע פאַרדראָס און אַ פונק גריזאָטע.

— וואָס האָט אייך באַוואויגן, יונגערמאַן,
געגן אַן אומשולדיק באַשעפעניש אַ מאָרד באַגיין?
ווי דאַרף מען זיין דערצו געמיין? —
קיין פונק געוויסן האָבן און אַ האַרץ פון שטיין?
אויסמעקן דורך איין געציילטן שטריך
דעם פונק פון מענטשלעכקייט אין זיך?
נאָך יענעמס לעבן גיין פאַר מיילן,
אַבי זיך דורך דעם אויף אַ מינוט פאַרווילן? —
ווי דאַרף מען זיין דערצו ברוטאַל
און אויסגעטאָן פון יעדער מענטשלעכער מאָראַל?...

דער יונגער יעגער האָט פאַרוואונדערט אויסגעהערט דעם מאַנס ציטאַטן,
און ניט וועלנדיק אריין מיט אים אין טיפערע דעבאַטן,
האָט אָנגעקוקט דעם אַלטן,
און ניט זוכנדיק פאַרשטעלן און באַהאַלטן
דעם חוזק אין דעם טאָן,
צו אים אַ זאָג געטאָן:
— איך בעט אייך, פון וואַנען קומט איר אָן?
פון מאַרס? פון יופּיטער? צי נאָך אַ ווייטערן פּלאַנעט?
ווייל ווערדליק ווי איך הער איר רעדט
מוזט איר זיין פון אונזער ערד — ווייט העט־העט!
אַפילו שוין אויף דער לבנה,
וואו ס׳הערשט נאָך אַלץ דעם אויבערשטנס כוונה,
רעדט מען שוין ניט פון אַזאַ מין חטא!
— איר הערט גאָר רייד?
— אַ יונג הירשעלע האָב איך געטויט!
ווייזט אויס, איר האָט שוין ניט קיין גרעסערע השגה
ווי פון אַ קליינינקייט אַזאַ צו מאַכן אַ טרעוואָגע!
איך, זייט וויסן, קום נאָר־וואָס פון מלחמה אָן —
וואָלט איר זען געדאַרפט, וואָס ד אָ ר ט האָט זיך געטאָן!
וועלכע אומגליקן חורבנות,
שריפות און פאַרוויסטונגען,
שאַנד־טאַטן געמיינע
און קרבנות גלאַט אומזיסטיקע,
וואָס ניט געזען אַזוינע
האָבן אָבות אבותינו...
און וואָס מיר שאָף און רינדער? —
דאָרט איז מ ע נ ט ש געווען דער קרבן: פרויען! קינדער!
וואָס כ׳האָב זיך דאָרטן אָנגעזען —
זאָל אַזעלכעס מער גאָרניט געשען!...

— אין פייער זיינען שטעט אוועק...
— פרויען וואנזיניק פון שרעק...
— סטאדעס ווילדע אין געלאף
אין איין גרויסן ע ר ב ־ ר ב:
מענטש און חיה, פערד און בהמה,
ס'כאפט פון בילד אזש אן אן אימה...
וואס רחמנות? וואס געווויסן? —
איין זאך מערניט דארפסטו וויסן:
וואס מער טויטן, וואס מער שיסן...
פרעג ניט קיינעם, ווער איז ער? —
שיס און הרגע אויס וואס מער...
שיס אן ציל, שיס אויף בלינד —
מעג זיין פרוי און מעג זיין קינד,
מעג זיין זקן, מעג זיין זקנה —
אויסנאמען דארפסט מאכן קיינע...
קיין מינוט זיך ניט פארקלער! —
ק י י נ ז א ך דארף ניט זיין קיין שטער! —
ניט קיין רחמים, ניט קיין טרער...
— אט דאס אלץ האב איך געזען,
בין אליין אין דעם געווען...

— זוכט איר איצט ביי מיר געפיל? —
טויטן איז א קינדער־שפיל!
עס מוז ניט זיין פאר ווען, פאר וואס —
ארויסלאזן פון ביקס א שאס
איז ווי אנצינדן א פאפיראס...

— ווילט איר איצט מיר פריידיקן רחמנות? פון ליבשאפט די אידייע? —
גייט שוין, גייט! איר מוזט זיין חסר־דעה...

# דער דימענט און דער גאַסן־שטיין

אַ טייערער בריליאַנט,
וואָס האָט געגלאַנצט אויף איינעמס האַנט
און איז שטאָלץ געווען מיט זיין גרויסן יחוס,
וואָס שטענדיק ז'ער אין ענגער סמיכות
מיט די פּאַרנעמסטע לייט,
די גרויסע מענטשן פון דער צייט:
אַרטיסטן, מאָלער, זינגער,
שיינהייטן און גלאַט אַזוי פּאַרנעמע דאַמעס,
וואָס אַ כבוד ס'איז צו שטיין מיט זיי אין דלד אַמות, —
ביי יעדערן פון זיי די פינגער
מיט זיין האַרטער איידלקייט באַרירט
און מיט זיין וווייכן גלאַנץ באַצירט.
אַראָפּגעקוקט האָט ער פון אויבן
אין דורך די גלאַנציק־ריינע שויבן
באַמערקט האָט ער אַ גאַסן־שטיין.
און פּלוצלונג, גאָר אָן שום ווען־פאַרוואָס
דערפילט האָט ער אַ שטאַרק פאַרדראָס
סיי צו יענעם, סיי צו זיך אַליין.

— אַזוי זיין גראָב, געמיין!
אַזאַ מין חוצפה האָבן און ניט וועלן גאָר פאַרשטיין,
אַז עס פּאַסט זיי ניט איין נאָמען טראָגן:
שטיין!
כאָטש וואָלטן עפּעס וואָס געמיינזאַמס פאַרמאָגן! —
סיידן אפשר וואָס זיי ביידע
געהאַט אַמאָל דעמזעלבן זיידע:
פון איין וואָרצל שטאַמען,
אין טיפער ערד געגעסט צוזאַמען.

אָבער סיווי איז דאָך יענע צייט
שוין אַזוי פאַרגעסן־וווּיט,
אַז ווער וויל זי איצט גאָר קאָנען —
אַוודאי ניט פאַר אימעצן דערמאָנען...
אָבער יענער, ווייזט אויס, זוכנדיק אין יחוס זיך פאַרשרייבן,
איז גרייט קיין סך ניט איבערקלייבן
און אַ פּיצל אמת אין אַ גרויסן ליגן איבערטרייבן...

און צעבלאָזנדיק אין זיך נאָך שטאַרקער דעם פאַרדראָס,
האָט ער געגלאָנצט מיט שנאה דורכן פענצטער־גלאָז
און גאווהדיק אַראָפּגעקוקט מיט פאַרניכטנדיקע בליקן,
ווי וועלנדיק דורך זיי יענעמס אייגנווערט אינגאַנצן צו דערשטיקן.

---

דער גאַסן־שטיין פון ברוק,
דערפילנדיק אויף זיך דעם בייזן קוק
פון יענעם מיטן גרויסן יחוס,
האָט ניט דערשראָקן זיך און ניט געמאַכט פון אים קיין גרויסן צימעס.
— ברודער־לעבן, וואָס איז דער מער מיט דיר?
אויב בלאָזן זיך — קענסטו ניט מער פון מיר...
לאָמיר אויסמעסטן אונזערע ביידנס נוצן
און זען, ווער מיט וואָס ס'האָט מערער זיך צו פּוצן...
דו ביסט טאַקע רייך און שיין
און איך זע אויס שמוציק און געמיין,
נאָר בייטן זיך מיט דיר וואָלט איך קיינמאָל ניט געוואָלט.
אין קעלער ליגן טיף אין „וואָלט"
און זעלטן ווען אַרויס פון דאָרט
אין שרעק פאַר רויב און מאָרד,

ווען טויזנט אויגן אויף דיר לוגן
גרייט צו באַרויבן און באַטרוגן —
און כדי די זאַך צו מאַכן גרינגער
אַראָפּשניידן דעם רינגל מיטן פינגער, —
פּע! — אַ גליק אַזאַ בין איך מוחל דיר!
מיין לעבן איז גוט גענוג פאַר מיר!
דערווייל באַזיצט נאָך קיינער ניט די משוגעת
באַפאַלן מיך אין מיטן גאַס,
פון ברוק מיך צאָרנדיק צו רירן
און אויסלאָזן דערמיט זיין כעס.
כ'טו קיינעם טאַקע ניט באַצירן,
דערפאַר אָבער טו איך אַלעמען האַווירן
וואָס מען טוט מיט מיר די גאַס ברוקירן.
מען מאַכט פון מיר קיין אָפּגאָט ניט איבגאַנצן —
אין שפּילצייג ווייבערשע אַריינזעצן, פאַרפלאַנצן;
מען טוט מיט מיר ניט רינגען פוצן —
דערפאַר אָבער פילט יעדערער מיין נוצן.

— און דיר וואָלט איך אַן עצה געבן:
איידער אַזאַ פינסטער לעבן —
דיין ענגע לאָך פאַרלאָז
און העלף בעסער אַרויס
די מענטשן מיט דיר שניידן גלאָז...

# די וואַזאָנע און די בלום

אַ וואַזאָנע אין אַ רייכן הויז,
וואָס איז שטאָלץ געווען ביי זיך און גרויס
מיט איר געהויבענער פּאָזיציע
וואָס האָט גערייצט איר בלומען־טאָפּ אַמביציע,
האָט אַרויסגעקוקט פון פענצטער אין הויף אַרויס,
און דערזעענדיק וואַקסן דאָרט אַ בלום
האָט פאַרדרייט די נאָז אירע אומצופרידן־קרום,
און ווייט גאָרניט באַשיידן און גרויס האַלטעריש־דום
גענומען פון איר חוזק׳ן:
— ווי מיאוס־פּלאַגיאַטאָריש דו ביסט!
וואַקסט אין הויף דאָרט צווישן מיסט
און שרייבסט זיך צו דעם שטאָלצן נאָמען „בלום".
וויל זיך ווער גאָר מיט די עוסק׳ן? —
אָט צום ביישפּיל, ווי מיט מיר,
וואָס אַ רייכע הויז כ׳באַציר,
אַ צימער מיט מיין ריח טו פאַרשמעקן
און דער באַלעבאָסטעס עסטעטישן געפיל דורך דעם אַנטפּלעקן:
זי זאָל קענען באַרימען זיך מיט מיר און פאַר געסט מיך ווייזן,
איר געשמאַק אין בלומען־טעפּ באַווייזן,
און נאָך און נאָך... און וואָס ביסטו?
צווישן מיסט אין הויף גאָר וואַקסן — פיו!...

אויפגעהויבן האָט איר קאָפּ אַרויף
די בלום פון אונטן אינם הויף
און ווירדיק און געלאַסן, אָן יעדן שום פאַרדראָס, געזאָגט:
— ווער מערער ווערט פון אונז פאַרמאָגט
איז גאָרניט פאַר אונז ביידן,
נאָר פאַר פרעמדע צו אַנטשיידן.

נאָר איין זאַך ווייס איך:
כ׳דאַרף ביי קיינעם פאַר קיין שפּילצייג דינען,
כדי מיין אויסקומעניש צו פאַרדינען;
ביי אַ רייכער דאַמע חן געפינען
און דערמיט איר לייטזעליגקייט צו געווינען;
שטיין פאַרשטעלט הינטער גאַרדינען
און וואַרטן ביז עמיצער וועט קומען דיך באַדינען.
איך בין פריי און מיין פאַרזאָרגערין איז מוטער ערד:
די זאַפט אירע מיך צו זאַט דערנערט;
פייכטקייט שעפּ איך פונם טוי
ווען דער הימל אין פרימאָרגן איז נאָך גרוי,
און דאַרף ניט וואַרטן אַז אַ פרוי
זאָל מיך באַגיסן און מעסטן מיטן קווערטעלע געניי...
ווער מיט וועמען ס׳וואָלט געדאַרפט זיך בייטן —
איז אַ פראַגע ווייט נאָך צו באַשטרייטן...

---

ניט אַלץ וואָס קוקט-אויס אויבן-אויף ווי שיין,
איז טאַקע אין דער אמת׳ן פיין און מלא חן;
אַמאָל קען זיין, אַז אמת׳דיקן ווערט
האָט גאָר דאָס, וואָס שוואַרץ איז ווי די ערד...

# אין מיטן דער נאַכט

עס פרעגט מיין שכן מיך, וואָס וואוינט פון מיינע פענצטער קעגנאיבער:
— האָט עפּעס־וואָס מיט אייך די נאַכט פּאַסירט?
האָט איר אַנטדעקט חלילה פלוצלונג ביי זיך פיבער?
אָדער גלאַט ניט גוט אינמיטן נאַכט זיך האָט דערשפּירט?

— אין קיך ביי אייך ז׳גוואָרן פלוצלונג ליכטיק
און איר ביים טיש געזעסן זייט פאַרטראַכט —
מסתמא האָט פּאַסירט דאָך עפּעס זייער וויכטיק,
אַז פייער אַנצינדן געמוזט האָט איר אינמיטן נאַכט?

היינט גיי דערצייל וועמען די וועגן פון אַ דיכטער —
בלויז נאָך איינער אַזאַ קאָן זיי גוט פאַרשטיין:
עס צאַפּלט־אויף אַ פונק אַמאָל אַן אומגעריכטער,
וואָס ניט דערוואַרט אַפילו דו האָסט אים גאָר אַליין.

און אָט דער פונק ניט לאָזט בשום אופן דיך ווערן איינגעשלאָפן,
דער צאַפּל אומרואיקער וואָך האַלט דיין געמיט;
ווערטער זאַמלען זיך אין שורות און אין סטראָפן —
און ביז פאַרטאָג ווערט פאַרטיק שוין אַ ליד...

# דאָס געבורט פון אַ ליד

עס ווערט ניט אַ ליד אין מינוטן געשאַפן,
עס קומט ניט צום דיכטער ווי אַ שיף קומט צום האַפן —
עס ווערט אין פאַרטאָגן אַמאָל גאָר פאַרטראַכט,
אין אומרו פון שלאָפלאָזער פינצטערער נאַכט.

עס ווערט ניט אַ ליד דורך אַ צופאַל געשאַפן —
דעם דיכטער עס מוז אָפט פילליידן פאַרשאַפן:
עס רייפן אין קאָפּ ביי אים טעג די אידייען,
און פונקט ווי אַ פרוי גייט ער דורך מיט די ווייען.

עס פייניקט און מאַטערט אים צער פון דער וועלט,
ביז ליכטיקע זעאונג זיין וויזיע באַהעלט:
פון ווייטאָג און פיין ווערט אין ווערטער אַ ליד,
אין ריטמישע פערזן געפיילט און געשמידט.

פון טיפקייט פון הארצן רעיונות ער שעפּט,
פון זיידענע פעדים אידייען ער וועבט,
אין אַ וועלט פון חלומות זיין גלויבן עס שוועבט, —
ביז זען אַ גאַנצע זיין ליד ער דערלעבט...

# דאָס ערשטע וואָרט

ווי שווער עס איז אַמאָל צו אָנהויבן אַ ליד!
דאָס ערשטע וואָרט, די ערשטע שורה צו געפינען! —
כאָטש אומרו פייניקט לאַנג שוין דיין געמיט
און זוכט אין ווערטער זיך באַזינען.

שוין טעג ווי טראָגסט אַרום זיך מיט דיין פּיין
און זוכסט אַ תּקון עס צו געבן:
עס זאָל אַרויס געלייטערט אויף דער שיין —
מיט ווערטער און מיט פאָרם עס באַלעבן.

עס ליגט און פייניקט דיך דאָס בויגעלע פּאַפּיר,
און מאָנט און לאָזט ניט איינצושלאָפן:
— נו, גיכער, פאַרצייכן שוין דיין ליד אויף מיר
אין קיילעכדיקע זינגווערדיקע סטראָפן.

דו ווילסט אַרויסהעלפן דיין נאָנטסטן פריינט — ס׳פּאַפּיר,
נאָר ווייסט ניט מיט וואָס דו קענסט אים דינען;
דו ווייסט: שווער איז אים ניט ווייניקער ווי דיר,
נאָר שווערער נאָך — דאָס ערשטע וואָרט געפינען...

---

ווי שווער עס איז אַמאָל צו אָנהויבן אַ ליד!
בלויז דיכטער — זיי אַליין עס ווייסן;
ס׳פּייניקט און מאַטערט דיך ביז מיד,
ביז געפינסט דאָס וואָרט — פון קלעם דיך צו דערלייזן...

# מיין ליד

אזויפיל יאָרן שוין ווי איך שרייב לידער —
און יעדעס מאָל וואָס כ'זעץ ביים טיש זיך ווידער
גרייט אַ ליד אַ נייע אָנהויבן צו שרייבן,
איז שווער דעם ציטער פון מיין האַרץ פאַרטרייבן,
די שרעק, צי וועט מיין ליד מיר דאָך געלינגען:
צי וועט מיין פּערז מיט לויטערקייט גענוג נאָך קלינגען,
מיין וואָרט מיט אומרו יענעמס האַרץ באַצווינגען
און צו מאָסן דאַרשטיקע מיט גלויבן דורכצודרינגען.
ווי אַ דיכטער־אָנפאַנגער זיין ערשטע ליד קוקט איבער,
יעדעס וואָרט און יעדן אות זיפּ איבער,
ביז ענדלעך: אַלע שטרויכלונגען אריבער —
פאַרזיגלט עס אַ קוש אַ ליבער...

# מיין קעניגרייך

איך דאַרף ניט קיין רייכע פּאַלאַצן
גליקלעך צו זיין אויף דער וועלט —
מענטשן מיין ווערט זאָלן שאַצן
מיט הייזער, פּאַרמעגנס און געלט.

איך דאַרף ניט קיין פרויען און ווייגען
כדי פונם גליק צו געניסן —
מיין לעבן ווי שטערן זאָל שיינען
און אַלע פון דעם זאָלן וויסן.

ס'איז מיין קעניגרייך קליין און באַשיידן:
אַ טינטער מיט פּען און פּאַפּיר —
מיין טיש איז אַ קליינער גן־עדן,
וואָס האַלט־אויף די שטימונג אין מיר.

איך דאַרף דאָרט קיין עפּל ניט בייסן
צו הויבן מיין שטילן געמיט —
גענוג אויף פּאַפּיר אויפן ווייסן
איז אָנשרייבן פאַר מיר אַ ליד...

# מיין וואַרשטאַט

מיין אַרבעטס־געשטעל
איז פון קליינעם פאָרמאַט:
דער טיש אין מיין קיך
איז מיין גאַנצער וואַרשטאַט.

אויך דער ניט אינגאַנצן
געהערט בלויז צו מיר:
מיט ווייב כ׳מוז אים טיילן —
אויך האַלבער פאַר איר.

דאָך כ׳האָב ניט קיין טענה
פאַר דעם וואָס כ׳פאַרמאָג:
ניט אַלץ ווערט געמאָסטן
מיט יאַרד און מיט וואָג.

איך האָב ניט קיין טענה —
פאַר מיר איז גענוג:
ניט רייכע פּאַלאַצן
דעם מענטש מאַכן קלוג.

איך נוץ ניט קיין הובל,
איך נוץ ניט קיין זעג —
אַ טינטער און פּען
איז מיין גאַנצער פאַרמעג.

און אויב נאָך דערצו
האָב איך גלאַטן פּאַפּיר —
ווער קאָן דאָן אין רייכקייט
זיך גלייכן צו מיר!

ס׳ווערן דאָן העפטן
מיט לידער געשאַפן —
דאָ פיל איך זיך זיכער
ווי שיף אינם האַפן.

דאָ ווערן געבוירן
געדאַנקען, אידייען,
דאָ שטעלן זיך שורות
אויס אין די רייען.

פון זיי ווערן סטראָפן
פאַר לידער געשאַפן —
פון אײדעלע שטאָפן
פאַר גייסטיקע גראַפן.

און שפּעטער ווען ליד איז
אינגאַנצן שוין גרייט,
ביי מיר און ביי אַנדערע
עס רופט אַרויס פרייד.

און שפּעטער ווען כ׳זע זיי
אין ביכער געבונדן,
מיין אויג ווערט ניט זאַט
פאַר שטונדן און שטונדן.

צעטראָגט איבער וועלט זיך
מיין ליד און מיין נאָמען,
ווער איך אין שאַפעס
פון ביכער ווילקאָמען.

שטייען מיט אַנדערע
אויף מיינע אין ריי:
גייסטיקע אוצרות —
מיין חלק אין זיי.

און דאָס אַלץ געשאַפן
אויף אַ שפּאַן־גרוים כמעט:
פון קיך־טיש אַ האַלבער —
מיין גאַנצער ווארשטאַט...

# וואו ניט?

אזויפיל דיכטער אויף דער וועלט!
אזויפיל ווערט פון זיי געשאפן! —
וואס באפליגלט זיי, באזעלט?
וואו נעמען טעמעס זיי צו שאפן?

וואו ליגן ווארטנדיק די לידער?
וואו ליגן זיי באהאלטן? —
אין דעם הויך, צי אין דער נידער?
אויף דער זון, צי פאליום קאלטן?

צי ליגן זיי באהאלטן
און ווארטן ביז ס'וועט אויפגיין זייער צייט?
ביז דער דיכטער זיי פון פעלזן־שפאלטן
וועט מיט זיין כח האבן זיי באפרייט?

— ניין, די לידער זיינען אומעטום,
מען דארף זיי ווייט ניט זוכן —
פול מיט זיי איז דער ארום,
מען דארף צו זיי קיין שפרוכן.

זיי זיינען אויפן הויכן בארג
און אויך אראפ אין טאל;
אויך אין שכנותדיקן פארק
זיי וואקסן אן א צאל.

זיי זיינען אינם ברויז פון ווינט
און אינם יונגפרויאישן לאך,
אינם שמייכל פונם קינד —
א, טעמעס גאר א סך!

זיי וואַקסן אויף דער מילדער זון
און מערן זיך ניט ווייניקער אין שאָטן:
ווי פּערל אומעטום
זיי ברייטהאַרציק צעשאָטן.

אוודאי זיינען זיי אין דיכטערס האַרץ,
אין צאַלרייכע זיינע געמיטער;
און ווען אַ סטרונעלע אַ צאַרטס
גיט דאָרט אַ צאַפּל און אַ ציטער —

גיסן זיך דאַן פון זיין פּען אַרויס
איידעלע און ווייכע קלאַנגען, —
טראָגן אים און זיך פאַראויס
אין צאַלרייכע געזאַנגען...

# אָן לידער

ווי גרוי וואָלט דאָס לעבן געווען
אָן דיכטער, אָן זינגער, אָן לידער! —
נוצלאָז געלעגן וואָלט ליידיקע פּען,
און גלאַטע פּאַפּיר — ווי דערווידער.

אָן פרײדן געווען וואָלט די וועלט,
אין אומעט זי שטענדיק פאַרזונקען:
קיין זאַך וואָלט דעם טרויער באַהעלט —
אין חשכות די טאָג-ליכט פאַרטרונקען.

און שטילקייט געהערשט וואָלט אַרום —
די קלאַנגען וואָס ערגעץ באַהאַלטן:
פאַרפרוירן געווען אַלץ און שטום
ווי אין פראָסטיקן ווינטער אין קאַלטן.

און ליבע געוואָרן פאַרדאַרט,
פון מענטשלעכן בוך אויסגעשריבן:
געפעלט וואָלט דאָס וואָרט וואָס איז צאַרט,
וואָס מאַכט יונגע הערצער זיך ליבן.

און מענטשן זיי וואָלטן געבענקט
נאָך וואַרימע האַרציקע קלאַנגען,
געבעטלט, צי ס'וואָלט ווער געשענקט
אַ טאָן כאָטש פאַר ליד און געזאַנגען.

נאָך מער וואָלט פון אַלע געליטן,
אַרום מיט פאַרצערטע געזיכטער,
מיט שווערע פאַרזאָרגטע געמיטן —
דער קינסטלער, דער זינגער און דיכטער...

# מיין ירושה

ווער ציילט עס די יאָרן און טעג
וואָס זיינען פאַר מיר נאָך געבליבן? —
כ׳האָב לאַנג שוין מיין קליינעם פאַרמעג
פאַר קאָהלשער נויט אָפּגעשריבן.

עס האָט מיך מיין מוטער געלערנט
ניט זאָרגן פאַר זיך נאָר אליין:
זיין גרייט יענעמס רוף צו דערהערן,
יענעמס פיינלעכן ווייטאָג פאַרשטיין.

געזוכט כ׳האָב מיין מוטערס פאַרלאַנג
מיט אָרעמע כוחות דערפילן:
ביז היינט נאָך אין מיר וואַכט דער דראַנג
נאָכגיין איר איידעלן ווילן.

האָב איך מיין לעבן מיין גאַנצן
געווידמעט צו יענעם מיין וואָרט:
פון שיינקייט אַ וואלד צו פאַרפלאַנצן —
פאַר איידעלן גייסט אַ רעזאָרט.

און איצט מיין ירושה באַשטייט
ניט פון גאָלד, צי פון זיידענע טיכער, —
איך וויים, אז מיין לעבן פאַרגייט,
נאָר בלייבן נאָך מיר וועלן ביכער...

# דער אַלטער דיכטער

אַלט געוואָרן איז דער דיכטער.
זיין קאָפּ האָר ביז איצט געדיכטער
איז געוואָרן דין און שיטער —
שאַרבן קוים פאַרדעקט און גרוי;
אין די הענט אַ קאַלטער ציטער,
און די אויגן פייכטע ווי פון טוי.
אָבער שוואַך איז אויך געוואָרן
זיין שטענדיק לויטערער זכרון
און דער זילבער־ריינער קלאַנג
פון זיין אַמאָליקן געזאַנג,
און דאָס שפּילעוודיק געמיט
וואָס האָט באַצירט זיין ליד.

אַלט געוואָרן איז דער דיכטער.
אין זיין פערז ווי אויף באַרג־אַרויפן קריכט ער
און זשיפּעט קוים אַרויס פון זיך
אַן עכטן קינסטלערישן שטריך.
נישטאָ שוין דער אַמאָליק שאַרפער בליץ
און דער פיינער בוי און ראַפינירטער שניץ,
וואָס איז אַרויס פון אַ פעדער אַ געניטס.

און פאַרגעסן איז געוואָרן דער אַלטער דיכטער.
ווי אין חלום זעט פאַר זיך די טויזנטער געזיכטער,
די הונדערטער און הונדערטער פאַרערער
וואָס האָבן אים געקרוינט פאַר זייער לערער
און נאָך זיין וואָרט געשמאַכט —
שעה'ן אין זיין הויז פאַרבראַכט
און געזונגען די פּיראַמבן צו זיין רום.

איצט איז אַלץ דאָ אַזוי שטיל אַרום,
טויט און שווייגנדיק און שטום:
זעלטן גיט ווער אַ באַריר
די קליאַמקע פון זיין טיר,
און פון אַן אונטעניק קול
קלינגט-אָפּ די אַכטונג פון אַמאָל.

ס׳האָט דער דיכטער דאָס באַנומען
און די שטים פון צייט פאַרנומען.
נאָר דאָך איז שווער געווען אים שלום מאַכן
און מיט דעם זיין לעבנס-בוך פאַרמאַכן.
און אויפגעהויבן האָט דער דיכטער זיינע אויגן אין אַ תפילה,
און אין שעה פון שקיעה און נעילה
אַ געבעט אַזאַ פאַרפאַסט:
— גאָט, אויב מיר ווי אַ דיכטער צו שטאַרבן איז באַשערט,
זאָל כאָטש זיין ווי פאַר אַ דיכטער פּאַסט —
מיט כבוד און מיט ווערט.
גיב מיר כח כאָטש צום לעצטן מאָל
אַ ליד צו שאַפן ווי אַמאָל,
און ווי שוואַך איך בין — זאָל קלינגען הויך מיין קול
און אָפּשפּיגלען מיין אַמאָלעדיקע ראָל...

— איך בעט דיך, גאָט, טו דעם חסד היינט מיט מיר —
דיין קנעכט פון פעדער, טינט, פּאַפּיר...

# אַ פינטל שטעלן...

ווען איך פיל, אַז שוואַכער ווערן מיינע אויגן —
די העלע ליכט ווי מיט אַ הייטל ווערט פאַרצויגן —
באַפאַלט אַן אומעט מיך אַ שטילער
און צייטנווייז אַ שרעק אַפילו.

און ווען איך זע, ווי ס׳הויבן מיינע הענט אַן ציטערן,
דערפיל איך אַנקומען אַ טאָג אַ ביטערן, —
נאָר דאָך איך זוך און קען אַמאָל געפינען,
אַז געגנוג עס בלייבט, וואָס קען נאָך מיינע טעג באַזינען.

נאָר ווען כ׳דערפיל, אַז שוואַכער ווערט מיין פען,
אויסגעלאָשן ווערט פון איר דער ברען, —
מיין אייגן אונטערגאַנג אין זיך כ׳דערקען;
און אַנשטאָט דעם אמת צו פאַרשטעלן —
צו דעם לאַנגן וועג דעם העלן
בעסער איז אַ פינטל שטעלן...

# צו דעם הויכן באַרג

ס׳איז דער באַרג צו־הויך פאַר מיר
כ׳זאָל קאָנען אים דערלאַנגען, —
ס׳איז אַ באַגער אַזאַ צו מיר
גאָר קיינמאָל ניט דערגאַנגען
און ניט געבאָרן גאָר ביי מיר
קיין ענלעכע פאַרלאַנגען.

אפשר איז דאָס אַ מעלה גאָר געווען,
און אפשר גאָר אַ גרויס חסרון:
סיווי ניט האָבנדיק אין זיך דעם ברען
בין איך קיינמאָל נזוק ניט געוואָרן.

ווייל ווער עס האָט אין זיך דעם שטריך:
זוכט צו קריכן שטענדיק הויך
און קורץ איז צו דערלאַנגען, —
מוז ברעכן סוף־כל־סוף דעם דיך
און אין געפאַר איז נאָך דערצו
אריינצופאַלן אין אַ גרוב פון שלאַנגען...

# דאָס וואָרט

עס קען זיין דאָס וואָרט אַזוי שטום ווי אַן אַלף,
און ס׳קען זיין אויך שאַרף ווי אַ שוחט׳ישער חלף;
עס קען זיין דאָס וואָרט אַזוי דין ווי אַ האָר,
און ס׳קען אויך זיין גראָב און פול מיט טעראָר.

עס קען זיין דאָס וואָרט אַזוי ווייך עס זאָל גלעטן,
און ס׳קען אויך דאָס וואָרט אויף דיין זעלבסטווירדע טרעטן;
עס קען אַמאָל טרייסטן און האַלטן דעם מוט,
און ס׳קען אַמאָל שטעכן און וויי־טאָן ביז בלוט.

עס קען אַמאָל רייצן דיין נייגיר און פרעסן,
און ס׳קען אויך פון הערן צו־לאַנג דיר דערעסן;
עס קען אַמאָל ווייכן ווי באַלזאַם־קאָמפּרעסן,
און ס׳קען ווער אַ זאָג־טאָן — זאָלסט קיינמאָל פאַרגעסן...

דאָס וואָרט איז ניט אַלעמאָל ווייך אָדער האַרט,
דאָס וואָרט איז ניט אַלעמאָל גראָב אָדער צאַרט:
קענסט דרייען און קנייטשן וואוהין נאָר דו ווילסט,
עס ווענדט זיך אָן דיר בלויז — ווי אַזוי אים דו פילסט...

# שרייבער

יאָרן גייען, יאָרן לויפן —
שרייבער ווערן אַלט;
נאָר, אין פייערן געשמידט,
זייער וואָרט איז אויסגעגליט
און ווערט קיינמאָל קאַלט.

יאָרן ציען, יאָרן שפּאַנען,
אייביגקייט איז ניט פאַראַנען —
שרייבער ווערן קראַנק:
קורץ דער אָטעם, שוואַך די ראיה,
פּוסט אין ברוסט און שווער די שמיעה —
נאָר לויטער בלייבט געדאַנק.

יאָרן לויפן, יאָרן גייען,
שרייבער קומען און פאַרגייען —
נאָר דאָס וואָרט זייערס ניט שטאַרבט;
בלויז דער גוף צעפאַלט און שטויביק,
ביכער אָבער לעבן אייביק —
איין דור פונם צווייטן אַרבט.

---

ווי דער ווינט די זוימען
איבער פעלד צעשפּרייט
און אַ נייעם שניט פאַרגרייט,
אַזוי ווערט שרייבערס וואָרט פאַרזייט
און גייט שפּעטער אויף אין קלאַנגען —
לויטערע געזאַנגען —
וואָס גייען קיינמאָל ניט פאַרלאָרן.
און מעגן זיין זיי טיף באַהאַלטן
אינם עבר אין דעם אַלטן,
ווערן שפּעטער זיי ווי אויף ס'ניי געבאָרן.

און אין דורות קומענדע —
ווי א ניי געפינס אנטדעקט —
פרישן נייגיר עס דערוועקט
צו ווערטן און צו וועלטן אלטע
און פארשן זיי באוועגט.

און ווידער אויפגעלעבט
ווערט שרייבערס ווארט און נאמען,
און ס'שעפּט פון זיי די יוגנט
ווי פון קוואלנדיקע שטראמען.

---

יארן לויפן, יארן גייען,
שרייבער קומען און פארגייען,
נאר דאס ווארט זייערס
ווי דער דארן אייביק ברענט,
דינט פאר דורות א צעמענט,
און נאך זיי אליין עס בלייבט
א ליכטיק־העלער מאָנומענט...

# אידישע שרייבער

אידישע שרייבער — גלויביקע, פרומע
אין קיום פון שפּראַך און קיום האומה —
ווילן אין זיך אַ סך זיי פאַרמאָגן,
גרייט שווערקייטן אַלע אַריבערצוטראָגן.

ניט שטעלן זיך אָפּ פאַר קיין שום באַריערע,
שטרויכלונג אין וועג ניט פאַרשטעלט זייער טראָט;
זוכן אין שרייבן פאַר זיך קיין קאַריערע, —
די וואָס זיי האָבן אָפּט מקריב אַנשטאָט.

אָן אַ וואָרט פון דערמוטיקונג, אָן יעטווידן שטוים,
אָן פריינטלעכן גלעט וואָס גייסט זאָל דערהויבן,
זיי טראָגן די פאָן פון שאַפונג פאַראויס
מיט האָפענונג, שטאַלצקייט און גלויבן.

פאַר'עקשנט זיי שאַפן, כאָטש נישטאָ אָפּט פאַר וועמען,
נאָר גלויבן: אַמאָל וועלן יענע דאָך זיין;
אַליין צו פאַרקויפן זייער ווערק זיך ניט שעמען,
כאָטש פילן אַליין ווי דאָס איז ניט פיין.

אָפּט טרעפט: זייער שאַפן, וואָס גענומען האָט יאָרן,
אין קעלער זיך וואַלגערט ביי אַ פעסל מיט מיסט;
דאָך ווערט זייער מוט ניט פאַרקלענערט, פאַרלאָרן —
דער גלויבן; די מי ניט געווען איז אומזיסט.

ווייל סט׳קומען אַ צייט, ווען דאָס פאָלק וועט דערוואַכן,
די פרעמדקייט צו אידיש ווי אַ בלעזל וועט פּלאַצן:
אידיש אַריין וועט אין אוצר פון שפּראַכן,
די געגנער די גרעסטע — זיין ווערט איבערשאַצן.

נאָר ביז יענער טאָג אומפאַרמיידלעך וועט קומען,
די פען זאָל דערווייל ניט זשאַווערן שטום;
מעג זיין יענע צייט ווי ווייט און פאַרשוואומען,
זאָל וואַקסן דער אוצר אין וואָג און אין סכום.

---

אידישע שרייבער — אָן לייענער, קויפער,
פון ביכער־מאַרק ווייט און אומערלעך פאַרשטויסן, —
דאָך זיכער אַריין יעדנס ווערטפולער ספר
וועט אין וועלטלעכן אוצר דעם רייכן, דעם גרויסן...

# דער וואונדער

לאנג האָב איך אַ וואונד אין האַרץ געטראָגן
און קיין שום דאָקטער ניט געקענט וואָלט עס מיר היילן:
אַן אייניקל אַן איינציקן פאַרמאָגן,
וואָס זאָל ניט וועלן זיך מיט דיין ירושה טיילן.

טאָג און נאַכט די וואונד געהאַלטן אין איין נאָגן,
די פרייד פון לעבן ניט אויפגעהערט פאַרדאַרבן;
שטענדיק אומגעגאַנגען בין פאַרשעמט דערשלאָגן:
אַ פאַרמעגן אָנגעזאַמלט און ניטאָ וועמ ס׳זאָל דיך אַרבן.

פרעמד ז׳מיין אייניקל צו מיר געווען,
ווי גאַרניט זיין ער וואָלט מיין קינד;
און פרעמד בין איך אויך צו א י ם געווען:
קיין איינציק פאָדים וואָס פאַרבינדט.

פלוצלונג איז אַ נס געשען.

שווער צו וויסן, ווי אַזוי, פון וואַנען —
וועגן אינם לעבן אַ סך זיינען פאַראַנען —
נאָר ביי מיר אַ וואונדער איז געשען?
מיין אייניקל, וואָס איז ווי טויזנט אַנדערע ווי ער,
אַ פרעמדער צו מיין פאָלק געווען,
זיין שפּראַך און זיין קולטור —
פון ביידע ניט פאַרמאָגט קיין שפּור
און צווישן אייגענע געפילט זיך ווי אַ גר —

האָט פלוצלונג, אומבאַוואוסט פון וואָס, פון וואַנען —
אפשר גאָר אַליין געגוי די אורזאַך ניט פאַרשטאַנען,
און אפשר גאָר אַלס אויסדרוק פון דער צייט,
וואָס האָט פון אַלטע דאָגמעס זיך באַפרייט —
האָט דערפילט אין זיך אַ הייס באַגער
זיין אייגן פאָלק שטאַרקער צו דערקענען,
מיט אים זיך נעענטער צו באַקענען,
מיט זיין שפּראַך און זיין קולטור —
פאַרבינדן זיי עס זאָל אַ שנור —
און מיט זיינע גייסטיק־רייכע קרעפטן
ענגער זיך אין בונד באַהעפטן.

אַ וואונדער איז געשען! —
און מיט יוגנטלעכן ברען
האָט ער ווי טויזנט אַנדערע,
ווי דורשטיקע אין מדבר וואַנדערער,
געוואָרפן זיך צום נייעם קוואַל.
אויפגעבליצט פאַר זיי האָט נייער אידעאַל
ווי פון דער זון אַ גאָלדן שטראַל,
וואָס האָט געדינט פאַר אַ סיגנאַל
באַפרייען זיך פון אַלטן ב ע ל
און איינזאַפּן אַ נייע אייגענע מאָראַל.

און פלוצלונג איז מיין לעבן, פאַרוואָלקנטער פון יאָרן,
אויפגעריכט און פריש-באַנייט געוואָרן;
און פלוצלונג איז מיין אייגן קינד מיר נאָענט געוואָרן —
ווי צוריק געפונען דאָס, וואָס שוין לאַנג פאַרלאָרן.
איין שפּראַך פאַרבינדט אונז איצטער ביידן —
אייניקל און זיידן —
און מעג די עלטער זיין פאַרשיידן —
קאָנען ביידע זיך פאַרשטיין.
ווידער רינג צו ריכג זיך שליסן
אין אַ קייט וואָס איז געווען צעריסן —
ניט מער צעוואָרפן און אַליין.
פרישער מוט
לעבט-אויף אין בלוט,
פרישע האָפענונג צעבלאָזן:
ווען מיין לעבן וועט פאַרגיין,
קאָן איך רואיק שוין דאַן גיין —
כ׳וועל אַ יורש נאָך זיך לאָזן...

# דער פונק

בלוט, זאָגט מען, איז ניט קיין וואַסער:
ס'מוז אַ צייכן נאָך זיך לאָזן —
און ס'קען אַ פונק פאַרטאַיעט וואו אַ בלאַסער
אין אַ גרויסן פייער זיך צעבלאָזן.

דאַכט זיך, וואָס קען פיטערן באַוועגן
אין אַ יידיש שול צו לויפן? —
ניט אָפּשטעלן זיך פאַר קיין שניי און רעגן,
אָנגעצויגן ווי אויף שרויפן?

אַז טאַטע־מאַמע זיינען קריסטן ביידע:
אין זייער גייסט געווען דערצויגן;
פרומער קריסט איז אויך דער זיידע, —
פון דער־אַ סביבה זיין יניקה האָט געצויגן.

נאָר חברים בלויז האָט אידישע געהאַט,
ביי זיי אין שטוב מער ווי ביי זיך פאַרבראַכט;
האָט געפילט זיך ווי אַ יידישער כמעט —
קריסטלעך גלויבן אין אים אָפּגעשוואַכט.

איך בעט זיין מוטער דערקלערן מיר געניוער
אָט דעם מאָדנעם פענאָמען;
זי פאַרטרויט מיר סוד אין אויער:
זיין עלטער־באָבע איז אַ יידישע געווען...

# עס טרעפט אַמאָל

עס טרעפט אַמאָל: אַ פאַרצווייפלונג מיך באַפאַלט
און וויקלט זיך אַרום מיין האַלז אַרום שלאַנגיש-קאַלט,
און שטעלט אַוועק מיר פאַר די אויגן אומ׳רחמנות׳דיק ביז גאָר
אַ מוטער-נאַקעטע און האַרצלאָזע — די וואָר,
און רייצט מיט מיר זיך און טייט מיט ביינערדיקע פינגער:
דו נאַרישער און טפּוש׳דיקער זינגער —
וואָס איז די פרייד מיט דיר?
האָסט אָנגעשריבן נאָך אַ שיר
און מיינסט, דו ראַטעוועסט די וועלט —
ווי מערניט דאָס וואָלט איר געפעלט?
יאָ, דערהויבן קאָן זיין דיכטערס שטימונג און געמיט,
און גרויס אַפילו קען זיין אויך זיין ליד —
די וועלט אָבער בלייבט גלייכגילטיק צו דעם...
אוודאי קליין איז דער פאַרנעם
פון אַ יידיש-שרייבער,
וואו ס׳קוקט אַמאָל זיין אייגן ווייב אויף אים
ווי אויף אַן אומזיסטן צייט-פאַרטרייבער...
אין בעסטן פאַל
קען דינען עס פאַר נאָך אַ טראָפּן גאַל
אין דעם אַזוי-אויך פולן כוס
פון ווייטאָג, שאַנדע און פאַרדראָס,
ווען דיין אייגן קינד אַפילו
רירט זיך צו דיין בוך ניט צו,
ווי עס וואָלט אָנגערירט זיין קולטור-באַגאַזש חלילה
און געוועזן אונטער זיין ווערדע גאָר דערצו.
מיט ביטול קוקט ער אויף זיין טאַטן,
ווי געלעבט וואָלט ער אין אַלט-פרענקישע צייטן,
וויל אַפילו ניט אַריין מיט אים אין קיין דעבאַטן —
מיט אים, דעם אַלטן, וואָס רעדט און שרייבט היינט, פונקט ווי גאָר פאַרצייטן..

דערמאָנט זיך יענע אַלטע גוטע צייט —
דאַכט זיך גאָרניט אַזוי ווייט —
ווען יוגנט אידישע — שטודירנדיקע און אַזוי —
ווי בלומען דאָרשטיקע פרימאָרגנדיקן טוי,
געשלונגען האָבן יעדעס וואָרט
וואָס איז פון שרייבערס פען אַרויס,
און פאַר זיין שאַפונג אין פאָראויס
אין זייער האַרץ באַשטימט פאַר איר אַן אָרט.
און ניט נאָר פרץ, מענדעלע, שלום עליכם,
נאָמבערג, רייזען, שלום אַש —
ליב געווען אויך יונה ראָזענפעלד, אַנכי:
זיסן ווייַן פאַרמאָגט האָט יעדע פלאַש...
ווער איז ניט געווען באַקאַנט דאַמאָלסט מיט יעדן איינציקס טיפּן? —
די נעמען זייערע אויף יעדן איינעמס ליפּן?
אין קאַלטן בית-המדרש-שטיבל —
ניט אָפּגעשטעלט האָט רעגנדיקע נאַכט —
אין פאָליצעס מיט ביכער זיך געגריבלט,
מיט ליבשאַפט יעדן איינציקן באַטראַכט.

און היינט?...
אַ נייער בוך דערשיינט
און גייט גלייך אַוועק אין זיין אייביק רו:
ס'רירט זיך קיינער צו אים צו...
נישטאָ ווער ס'זאָל אויף זיינע ליפּן זיין נאָמען טראָגן
און זיין ווערט צו אַנדערע צעטראָגן,
דיסקוטירן וועגן אים, פאַרבינדן דיאַלאָגן.
ס'גייט דער שרייבער אום באַליידיקט און פאַרלאָרן,
ווי ער וואָלט אַ טויטע קינד געטראָגן און געבאָרן...

און וואָס ערגער נאָך די שאַנד:
ס'נעמט זיין אייגן קינד קיינמאָל זיין בוך אין האַנט
און וויל אויך, דאַכט זיך, פון אים ניט וויסן —
כאָטש בלייב דער איינציקער, וואָס זאָל בלויז פון דיין ווערק געניסן...
אַ וויטאָג און אַ חרפּה, דערציילן גאָר אַ שאַנד...

---

עס טרעפט אַמאָל: אַ פאַרצווייפלונג דיך באַפאַלט
און דריקט דיין האַרצן פּראָסטיק־קאַלט;
עס שטעלט אַוועק זיך פאַר די אויגן אומ'רחמנות'דיק ביז גאָר
אַ האַרצלאָזע און נאַקעטע — דיווירקלעכקייט, די וואָר...

# אידיש

דער שכן פון מיין פענצטער קעגנאיבער,
וואָס קוקט אָפּט צו מיר פון דאָרט אריבער
און זעט מיך זיצן אָפּט ביז שפּעט ביינאַכט
אריינגעטאָן אין שרייבן און פאַרטראַכט, —
באַטראַכטנדיק, ווייזט אויס, מיין ארבעט פאַר אומזיסטער מי,
באַגעגנענדיק מיך איינמאָל אינדערפרי,
אַ שמועס האָט מיט מיר פאַרבונדן:
— איך זע אייך, זאָגט ער, זיצן פאַר שטונדן און פאַר שטונדן —
אַנטשולדיקט מיר: צו וואָס?... —
ס'מעג זיין טאַקע אַ ווייטאָג און פאַרדראָס,
אָבער דער פאַקט איז, אַז אידיש גייט דאָך אונטער...
מאַלע וואָס אַמאָל געווען! —
איך בין אויך אַמאָל געווען אַ געזונטער —
איר פלעגט מיך זען —
און היינט זעט איר ווי איך גיי...
אידיש איז געווען טאַקע אַ פיינע שפּראַך,
און אידיש-שרייבערייַ איז אויך געווען אַ פאַך...
אָבער היינט? וואו איר הערט נאָר ריידן צוויי —
איז וועלכע שפּראַך באַנוצן זיי?...
— פאָלגט מיך, אַ שאָד די צייט אייערע און ס'ביסעלע געזונט —
עס קען אין האַרץ נאָך מאַכן אייך אַ וואונד...

איך האָב פאַרוואונדערט אָנגעקוקט אים און געשוויגן.
גיי דערצייל וועמען דעם פאַרגעניגן,
וואָס אַ דיכטער האָט ביים אָנשרייבן אַ ליד!
עס פרייט אין אים און צאַפּלט יעדעס גליד;
יעדער חוש זיינער עס זינגט אוים אין אים שירה,
און יעדער אָדער אָנגעצויגן ווי אַ סטרונע פון אַ לירע.
און די שפּראַך?
ס'איז אַ טייל פון זיינע אייגענע רמ"ח...
פאַרבונדן טיף מיט זיין גאַנצן „איך",
מיטן נשמה־ציטער פאַר איר יעדן שטריך.
אידיש איז אין האַרץ אים איינגעבאַקן —
מיט טויזנט חנ'עך, טויזנטער געשמאַקן;
און זאָל מען פון זיין פען פרואוון צונעמען זי נאָר,
איז ווי ביי שמשונען אמאָל — דאָס אָפּשניידן די האָר...

# מיין פאַרלאַנג

וואָס איז מיין פאַרלאַנג אין לעבן? —
שווער אַן ענטפער אויף דעם געבן.
כ׳האָב פאַרלאַנגען מער ווי איינעם
און פאַרשעמען וויל איך קיינעם —
אויפן לעצטן אָרט אים שטעלן:
ווייזן אָפן פאַר דער וועלט,
וועלכער בעסער מיר געפעלט —
פ ר י ע ר  האָבן כ׳וואָלט אים וועלן.
כ׳האָב פאַרלאַנגען גאָר אַ סך,
יעדער איינער האָט זיין שבח
און איז ווערט אַ וואַרים וואָרט,
און פאַרדינט אַן ערשטן אָרט.
נאָר קיינער קען זיין צופיל קלוג
און צופיל זאַכן צו פאַרלאַנגען:
איינע קריגן איז גענוג,
וייל קריכן הויך — איז שווער דערלאַנגען...

און דעריבער, ווען דו פרעגסט,
וואָס איז מיין פאַרלאַנג אין לעבן?
קען איך דיר קיין ענטפער געבן.
כ׳קאָן בלויז וועלן דעם קאָמפּלעקס
פון  אַ ל ע  וואונטשן און באַגערן —
ווי  א י י נ ע ם  זאָל מען אים דערהערן
און אויך אַזוי דערפילט זאָל ווערן...

# צום 75־טן געבורטסטאָג פון אַ פריינט

ניִשט יעדערנס לעבן ווערט אין יאָרן געטיילט,
נישט יעדנס פאַרמעגן ווערט אין זילבער געציילט;
נישט דער וועך עס זוכט עס, קען כבוד פאַרדינען,
און ניט דורך חניפה קען מען פריינט זיך געפינען.
כדי ביי אַ טיש מיט פריינט אַרום זיצן,
מוז מען אין זיך אַ סך מעלות באַזיצן.
עס העלפט ניט דאָס וועלן, עס העלפט ניט דער יאָגן —
בלויז אמת׳ע ווערטן מוז מען פאַרמאָגן.
און היינט ווען מיר זיצן דאָ אַלע ביים טיש
מיט וויין און מיט קוגל, מיט כריין און מיט פיש,
מיט טאָרט און געבעקס און פריש-שמעקנדער חלה,
זינגען מיר אויס אַ לויב פון אונז אַלע
צו אונזער געשעצטן לאַנג-יאָריקן פריינט
וועמענס געבורטסטאָג מיר פייערן היינט,
וועלכן דורך יאָרן געוועזן צייט צו דערקענען
און זיינע פאַרדינסטן דורך אונז אָנערקענען.
מעלות באַזיצט ער אומשעצבאַרע, גוטע —
זייער ווערט ניט צו קויפן דורך קיין שום וואַליוטע;
נישט יעדער פאַרמאָגט זיי, נישט יעדער באַזיצט —
פון לאַנג שוין דערוואָרבן און האַלט־אָן ביז איצט.

אין לייד און אין פרייד
אַ פריינט אונז געווען,
מיט הילף געווען גרייט
ווען ס׳איז עפּעס געשען,
מיט ראַט און מיט טאַט
און מיט פּאַסענדן וואָרט —
וואו נאָר אים געדאַרפט
געווען איז ער דאָרט,
און וואו נאָר געקענט
יענעם אַרבעט געשפּאָרט, —
געווען וואָס מען רופט
אַן אמת׳ער ספּאָרט.

געשעצט און געאַכטעט פון אונז יעדן איינעם,
פון פריינט און באַקאַנטע, נאָנטע און שכנים —
זיין נאָמען פון יעדן מיט אַכטונג דערמאָנט,
און צופרידן בלייבט דער וואָס מיט אים פילט זיך נאָנט.
און היינט ווען מיר האָבן פאַרזאַמלט זיך דאָ,
אין הערלעכער שטימונג, אין פריידיקער שעה —
מיר הויבן דעם כוס אויף און זינגען אין כאָר:
צו די פינפאונזיבעציק — כאָטש נאָך פופציק יאָר!...

# אַ פּאָטערס נחת

(פאָלקס־מאָטיוו)

ווי אַ פערד כ׳בין איינגעשפּאַנט אין וואָגן
און שלעפּ אויף זיך דעם עול פון לעבן:
מיין ווייב און איך פינף קינדערלעך פאַרמאָגן —
מוז מען זיי דאָך עסן געבן.

שטיי איך אויף יעדן באַגינען,
שפּאַן זיך איין אין וואָגן:
כדי פאַר מיין געזינד אויף ברויט פאַרדינען
מוז איך אויף מיין רוקן שווערע משא טראָגן.

איז מיין רוקן אויסגעבויגן,
כ׳דריי זיך אָפּט אין דרייען:
מעג מיר שווינדלען פאַר די אויגן,
אַבי ניט דאַרפן באָרגן, לייען.

איך קום אַהיים דערנאָך אַ מידער,
טרעף ווייב און קינדער זאַטע;
לייג זיך אויפן בעט אַנידער —
אַ גליקלעכער רוט איצטער אָפּ דער טאַטע...

# סענדערל שלים־מזל

(פאָלקס־מאָטיוו)

ווי צו מיינע יאָרן
וואָס איך בין געבאָרן
אָן מזל אויף דער וועלט:
צו וואָס איך זאָל זיך וואַרפן
הערט מען אויף דאָס דאַרפן —
קיינעם מערניט פעלט.
ווער איך אַ מלמד —
הערט מען אויף צו קינדלען,
נעם איך זיך צו מסחר —
מוז מען קענען שווינדלען;
און וואַרף איך זיך צו דעכער —
איז ניטאָ אין זיי קיין לעכער:
עס רינט ניט דורך די שינדלען...
צו וואָס איך זאָל זיך נעמען,
מוז איך זיך באַלד פאַרנעמען —
גייט שלים־מזל נאָך מיר
און פאַרשליסט פאַר מיר די טיר...
קוקט מיר יעדער אין געזיכט
און מיט חוזק פון מיר לאַכט:
הויב־אָן האַנדלען גאָר מיט ליכט,
וועט פינצטער מער ניט זיין ביינאַכט;
און אָנשטאָט פירן שידוכים
און ברעכן זיך דעם שאַרבן —
הויב־אָן האַנדלען מיט תכריכים,
וועט מען אויפהערן צו שטאַרבן...

# עס רעדט דער טאָג צו מיר
# און ס׳רעדט די נאַכט...

עס רעדט דער טאָג צו מיר
מיט ליכט און פרייד:
מיט פריילעכע געמיטער
און לאַכנדיקע רייד;
מיט מונטערקייט און יוגנט,
פרישקייט און געזונט —
מיט פליגל פלאַטערדיקע שטאַרקע,
וואָס גרייטן זיך צו פליען הויך.

---

עס רעדט דער טאָג צו מיר
מיט פרישן פרילינגשן באַגינען,
מיט גרעזעלעך וואָס הויבן ערשט אָן גרינען,
מיט פאַרטאָגעדיקע פרישע טויען,
מיט הימל ליכטיקן און בלויען,
קנאָספּן גרינע וואָס האַלטן זיך אין שפּאַלטן,
יונגן טאָג מיט פרייד צעשטראַלטן,
אויגן וואָס פון שלאָף דערוואַכן —
פאַר׳חלומ׳טע זיך נאָכאַמאָל פאַרמאַכן —
פייגעלעך וואָס ליבן זיך אויף טויזנט שפּראַכן.

---

עס רעדט דער טאָג צו מיר
מיט לויטערע און ליכטיקע געזאַנגען,
מיט פּייזאַזשן פאַרביקע אויף וואָלקנדלעך צעהאַנגען,
מיט רחבות׳ן גאָלדן-ליכטיקע, צעהעלטע,
ברייטקייטן מיט גאָרנישט ניט פאַרשטעלטע,
וויטקייטן וואָס ס׳קאָן קוים אויג פאַרטראָגן,
שוואונג, וואָס ס׳קאָן נאָר גייסט פאַרמאָגן, —
טורעם-הויכקייטן פאַר קאָפּ און אויג,
כאַטש נעם און זיך טו פאַר זיי א נויג.

עס רעדט דער טאָג צו מיר
מיט זיכערקייט אין יעדן טראָט,
מיט וואַנדער-לוסט אויף גאָטס באַראָט,
מיט וואַנדער-שטאָק אין לייכטער האַנט —
אליין צי זאַלבעצאַנד —
מיט לויטערקייט אינם געמיט,
מיט רואיקייט אין יעדן גליד,
מיט, צי אָן א ציל, —
גיי אָן שרעק וואוהין דיין הארץ נאָר וויל.

---

און ס׳רעדט די נאַכט צו מיר
מיט אומפאַרשטענדלעכער געהיימער שפּראַך,
מיט אומקלאָרקייט אין יעדער זאַך,
מיט טאַפּן בלינד וואו איז דער וועג,
מיט שאָטנס טונקעלע וואָס וואַרפן שרעק,
מיט קלאַנגען וואָס פון ערגעץ־וואו זיי קומען,
אומהיימלעך אין דער פינצטער זשומען,
מיט פּנימער פון אומקלאָרע געשטאַלטן
הינטער יעדן בוים און קוסט באַהאַלטן,
לויערן און טויט־זיי־שרעקן,
בילדער מיסטישע זיי וועקן —
וועזנס פון אַן אַנדער וועלט אַנטפּלעקן...

עס רעדט די נאַכט צו מיר,
מיט שעה׳ן וואָס ציען זיך אָן סוף,
אויגן אויפגעמאַכט אָן שלאָף,
חלומות מיט בייזע הינט וואָס בילן,
נעכט פאַר רו אין אומרו זיי פאַרהילן,
שרעטעלעך וואָס דרייען ראָד אין מילן,
קאָשמאַרן וואָס דאָס בלוט פאַרקילן,
שוויים־באַדעקטע אנגסט און שרעק, —
— גיי שוין נאַכט, גיי שנעל אַוועק!...

# אַמאָל אין פרילינג...

ס'טרעפט אַמאָל אַ פּאַל משונה,
אַז דער גאַנצער חודש יוני
ווי אַ האַרבסטיקער זאָל זיין:
רעגנס גאַנצע וואָכן גיסן,
לעבן ווי אין צעל פאַרשליסן —
לעשן־אויס אַ יעדע שיין;
הילפלאָז נאָגט דאָן שטיל אין קאָפּ:
ס'גייט די וועלט איצט באַרג־אַראָפּ —
איז נאָך אַ טראָפּן פיין...

אָבער קען דורך ווינטער קאַלטן
טראָט פון פרילינג זיך פאַרהאַלטן?
קענען כמאַרעס לאַנג פאַרשטעלן
זון פון איר מאַרשרוט דעם העלן?
ס'רייסט זיך פרילינג ווי פון קייטן,
טראָגט זיין אָנזאָג דעם דערפרייטן;
ס'קאָנען ניט זיין מאַרש פאַרצאַמען —
פּונקט ווי כוואַליעס שיף אויף ים'ען —
רעגנס, וואָלקנס, קאַלטע ווינטן:
ס'וועלן מוזן זיי פאַרשווינדן;
ס'וועט די זון זיי ווייט פאַרשווענקען,
אָפּווישן פונם געדענקען,
און אַ פרייד אַ זומערדיקע, ברייט צעהעלט
מיט ליבשאַפט וועט אַרומנעמען די וועלט.

# פאַר אַ יונגן דור

קליינע פייגעלעך אַ פּאָר —
ווייזט-אויס יונג נאָך צו פאַרשטיין —
אַ נעסט האָבן געבויט
אויף אַ נידעריקן בוים.

אויף אַ נידעריקן בוים ביים וועג
אַ נעסט האָבן פאַרלייגט,
און די „זי" די גליקלעכע
אַן אייעלע געלייגט.

שטיל געווען אַרום,
דער זומער נאָך ניט רייף —
פאָרט זעלטן דורך אַ פור,
הערט זעלטן זיך אַ פייף.

קענען טאַטע-מאַמע רואיק
די נעסט ביידע פאַרלאָזן:
שפּייז פאַר זיך צו קלייבן,
ווערימלעך אין גראָזן.

נאָר אָט איז זומער אָנגעקומען,
געסט שוין אָנגעפאָרן —
און די מאַמע-פויגל
האָט איר רו פאַרלאָרן.

פאַר וועמען פרייד, געלעכטער —
פאַר וועמען זאָרג און ציטער:
ס'שפּאַצירן אויפן וועג די געסט
מיט רואיקע געמיטער.

נאָר מאַמע־פויגל איז
פול מיט אַנגסט און שרעק:
אַט נעמען די שפּאַצירער דאָרט
פון נעסט איר אייעלע אַוועק.

רוט זי ניט און טרויט ניט,
פליט ניט זוכן שפּייז,
נאָר האַלט זיך אין איין דרייען
אויבן אין אַ קרייז.

און גייט נאָר ווער אַדורך,
שפּאַצירט נאָר ווער פאַרביי,
הויבט פויגל אָן צו פּאַכן
שרייענדיק דערביי.

די לופט ווערט פול מיט גוואַלדן:
אַט וואַרפט זי זיך אַראָפּ! —
גרייט מיט שנאָבל שפּאַלטן
יענעם גלייך דעם קאָפּ

שרעק פאַרלירט פאַר מענטשן,
גרייט איז פאַר געשלעג —
אַבי איר קליינטשיקס שונא
פאַרטרייבן פונם וועג.

וואונדערן זיך אַלע:
דרייסטקייט פון אַ פּאַר!
וואָס איז ניט גרייט אַ מאַמע
פאַר איר יונגן דור?!...

# אַמאָל איז געווען אַ מעשה...

## (באַלאַדע פון וויטן אַמאָל)

אין שטעטל ביי אונז האָט אַ מעשה פּאַסירט:
עס האָט ווער אַ בלינדע יתומה „פאַרפירט"...
זי האָט ניט געוואוסט: ניט ווער און ניט ווען...
— ווי אַזוי זאָל זי וויסן? — אַז זי קען דאָך ניט זען...

איז געוואָרן אַ טומל, אַ גוואַלד, אַ געשריי,
געפלויגן פאַרדאַכטן, גאַנץ פריי אַלערליי:
געקאָנט זיין האָט יענער, עס קאָן זיין אויך דער, —
זאָגן איז גרינג, אָבער וויסן איז שווער...

עס קאָן זיין אַ יונגער, עס קאָן זיין אַן אַלטער —
עס קאָן זיין אַפילו פון מיל דער פאַרוואַלטער...
גבירישע זינדלעך, צי שניידערשע זין? —
גיי, זיי אַ חכם: זוך־אויס און געפין...

און דאַ לויפט די צייט: אַ סעקונדע אַ מייל —
אַלץ קענטיקער ווערט אויפן מיידל דערווייל...
די ווייבער באַרעכנט שוין פונקט אַקוראַט:
עס קומט אויס געגנוי חמישה עשר בשבט...

מען ברעכט זיך דעם קאָפּ: גוואַלד, וואָס זאָל מען טאָן?
דער כבוד פון שטעטל שטייט הויך דאָ אין קאָן...
— גיט, אידן, אַן עצה: וואָס זאָל מען טאָן?
דער „נענטער" ווי „ווייטער" קומט אָטאָ שוין אָן...

עס קאַכט זיך דער עולם, פלאַקערט און זידט:
דורם זיין וואָלט מען געדאַרפט אַזאַ איד...
עס שילטן די ווייבער אויף הויכן אַקצענט:
— צעברעכן אַזאַ וואָלט געדאַרפט מען די הענט...

נאָר שריי חי וקים, שריי היינט און שריי מאָרגן:
דער „בעל-דבר" ליגט ערגעץ שטיל און פאַרבאָרגן;
זאָל פאַלן אויף דעם און אויף יענעם פאַרדאַכט —
ער ליגט זיך רואיק און אין האַרצן נאָך לאַכט...

---

ווער ווייס, וואָס עס וואָלט פון דער מעשה געשען?
צי דעם „אמת'ן" וואָלט מען געפונען גאָר ווען?
צי וואָלט ניט אַ מסור געניצט דאָ זיין „פּען",
און דאָס שטעטל פאַרפעלט וואָלט אַ פּדיון-הבן?...

ווען איינעם אַ יונג אַ געדאַנק וואָלט ניט קומען,
און ס'האָט עס דאָס שטעטל מיט פרייד אָנגענומען:
נישט געוועזן דאָ קיין זאַך וואָס צו פאַרלירן —
זאָל מען כאָטש עפּעס טאָן דאָ פּרובירן.

גע'עצה'ט דער יונג האָט אַ ביידל באַשטעלן,
אָן פענצטער אינגאַנצן — די ליכט צו פאַרשטעלן;
דאָס מיידל דאָרט לאָזן — פאַרדעקט מיט אַ טוך,
פאַר'כישופ'ט פון רב מיט אַ הייליקן שפּרוך.

און די מאַנצביל פון שטעטל — אַלע פון זיי —
אויסשטעלן זאָלן זיך אין אַ ריי,
און יעדער באַזונדער אין ביידל אַריין
און אַנרירן טוך מיט דער האַנט זאָל מיט זיין.

נאָר ווי דער „בעל-דבר” אַהין וועט אַריין
און אַנרירן טוך מיט דער האַנט וועט מיט זיין —
אויפלעבן וועט דער פאַר׳כישוף׳טער שפּרוך,
אויפהעלן וועט דער שוואַרץ-טונקעלער טוך,
און אין פינצטערן ביידל וועט זיך ווייזן אַ שיין...

אויסגעפאָלגט האָט מען די אַלע געבאָטן,
נאָר, ווייזט אויס, דער פּרואוו איז אַרויס ניט געראָטן:
אַלע ווי איינער דאָס ביידל אַדורך
נאָר ניט געווירקט האָט דער „הייליקער” שפּרוך;
אַלע ווי איינער אין ביידל אַריין,
נאָר ניט באַוויזן זיך האָט קיין שום שיין...

אַנטוישט איז געבליבן דער עולם, פאַרגאַפט:
דער צוטראַכט פון יונג ניט געהאַט האָט קיין האַפט;
נאָר יענער ז׳געוואָרן ביי זיך ניט געפאַלן —
אויסגענוצט, ווייזט אויס, נאָך ניט אַלע קוואַלן...

אויסשטעלן ווידער זיך יעדן אין ריי
האָט ער באַפוילן — אַפילו די פּני —
און אויפהויבן יעדן געהייסן די האַנט,
מיט וועלכער ס׳האָט יענער באַרירט דאָס געוואַנט.

און דאָ האָט איצט יעדער קלאָר געקאָנט זען,
ווער ס׳איז דער אמת׳ער „תכשיט״ געווען:
שוואַרץ איז געוועזן ביי יעדן די האַנט,
אויסער ביי איינעם, וואָס ניט באַרירט דאָס געוואַנט...

געוועזן איז דאָס אַ ייד מיט אַ באָרד,
און זוכן שוין ווייטער געווען איז פאַרשפּאָרט...
קלאָר איז געוועזן זיין שולד און זיין זינד —
באַנעמען געקענט עס וואָלט אַפילו אַ קינד...

---

געוואָרן אין שטעטל איצט רואיק און שטיל,
עס דרייען זיך ווידער די רעדער אין מיל, —
און וואָס פון דער שאַנדע געוואָרן און שמאַך,
איז שוין ניט מערער — איצט אונזער זאַך...

# די באַלאַדע פון אַ בוים

געוואַקסן אין פעלד ניט ווייט פונם וועג
אַן איינציקער איינזאַמער בוים,
און ס׳וואַלטן די פאָרער אין שנעלן געיעג
פון ווייטנס באַמערקט אים גאָר קוים.

נאָר אַנדערש פון אַלע דער בוים איז געווען:
די צווייגן אין וואונדערגעבויג;
קיינמאָל האָט קיינער אַזאַ בוים ניט געזען —
אַ זעלטענער טראָף פאַרן אויג.

האָבן די פאָרער פאַרלאַנגזאַמט דעם יאָג:
דער בוים זייער בליק האָט פאַרבלענדט;
דעם אָטאָמאָביל געלאָזט שטיין אויף אַ ראָג,
אַליין זייער טראָט צום בוים-צו געווענדט.

ז׳דער בוים אינם פעלד מערניט איינזאַם געווען:
פון מענטשן די בליקן פול אַרום אים;
באַטראַכט מיט וואונדער ווי אַ פעלד-פענאָמען,
און ס׳גלעטן די אויגן אים ליב און אינטים.

צעטראָגט זיך זיין נאָמען ווייט אַרום — ברייט,
ווי עפּעס אַ וואונדער וואָס זעלטן פּאַסירט:
איינער דעם צווייטן דעם וואונדער פאַרשפּרייט —
מיט אייגענע אויגן צו זען סטימולירט.

ציט־צו דער בוים צו זיך מענטשן אַלץ מער,
קינסטלער מיט פּענזל, לייוונט און פאַרב:
אין יעדן עס צאַפּלט אַ שאַרפער באַגער
פון בוים אויפן לייוונט צו לאָזן אַ קאַרב.

קלייבן אַרום זיך פאַרער־פאַרערע,
דער איינזאַמער ווינקל מיט מענטשן ווערט פול:
דער בוים ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קינסטלער אַ לערער,
די געגנט אַרום אין אַ מאַלעריש שול.

אַזוי גייען זומערס און זומערס פאַרביי,
אַ בילד פונם בוים יעדעס הויז עס באַצירט:
אין ווינטער אין מיטן פילט זיך דער מאַי,
און ס'טראָגט אין דער לופט זיך דער ריח פון מירט.

נאָר פּלוצלונג איז עפּעס געשען מיטן בוים:
אַ קרענק זיינע וואָרצלען פאַרכאַפּט האָט, ווייזט אויס;
אַ טויטער ער שטייט איצט און שטאַרצט אינם רוים —
אַ טרוקענער שטאַם מיט נאַקעטע צווייגן שוין בלויז.

אָבער אויך איצטער זיין צוציאונגס־קראַפט
ווי פריער האָט ער ניט פאַרשפּילט:
עס שטעלט זיך אָפּ יעדער ביים וועג און ער גאַפט —
כאָטש אַנדערש קוקט־אויס איצט זיין בילד.

נישטאָ מער קיין בלעטער, קיין צווייגן געדיכט,
פון פויגלען פאַרשטומט איז דער קלאַנג, —
דערפאַר איז איצט קלערער זיין וואונדער־געזיכט:
זיין אויסבייג־געדריי ווי אַ שלאַנג.

עס האָבן ביז איצטער די בלעטער פאַרשטעלט,
זיין אמת׳ן אויסזען פאַרדעקט, —
און איצט ווען דער שלייער דער גרינער עס פעלט,
זיין אַנדערשקייט פולער געוואָרן אַנטפּלעקט.

קומען אויך איצטער קינסטלער אַהער
פאַרקריצן אויף לייוונט זיין וואונדער־געבוי:
פאַרשוואונדן אַ סך פונם פריאיקן שטער —
בילדלעכער איצטער איז אַלצדינג אַזוי.

און ווידער דער בוים פאַר בילד ווערט גענוצט —
פון עקן פון וויטע קומט מען צופאָרן:
עס ווערן די וואונט מיט אים ווידער באַפּוצט —
און ס׳לעבט אינם בילד זיין זכרון.

אַזוי האָט דער בוים געוויזן זיין קראַפט
סיי פאַרן לעבן, סיי נאָכן טויט:
מענטשן האָט פרייד מיט זיין אויסזען פאַרשאַפט
און פאַר זיך אַ דענקמאָל אַ שיינעם געבויט...

# די באַלאַדע פון אַ טייך

געווען אַמאָל איז אַ שטעטל אין ליטע —
זיין נאָמען שוין היינט ווער זעלטן געדענקט:
אַפילו ביי עלטערע פאַרשער געניטע
דער נאָמען איז לאַנג פון זכרון פאַרשווענקט.

געווען איז דאָס שטעטל אַ פאַרוואָרפענער ישוב,
ווייט פון אַ שטאָט און ווייט פון אַ גרעניץ:
געלעגן פאַרשלאָסן, פאַרוויגט ווי אין כשוף,
געוועזן פאַרזונקען אין אייגענעם געניץ.

און אָרעם ז'דאָס שטעטל געווען ווי אַ מויז,
פון ווינקל פון יעדן געסטאַרטשעט דער דלות:
פיר ליידיקע ווענט פון צעפּאַלענעם הויז —
יעדנס פאַרמעגן געוועזן דאָס אַלעס.

קיין מסחר, קיין האַנדל, וואַרשטאַטן צי קראָמען —
אומגעדרייט שטעקל האָט יעדער אין האַנט:
ווי דאָס וואָלט געווען זיינע לעבנס-סימפּטאָמען —
האָט יעדער פאַר'חלומט געמאָסטן געשפּאַנט.

נאָר איינס האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט, וואָס נאָך איינעם
וואָלט שווער זיין געפינען צו אים זאָל זיין גלייך:
געפלאָסן אינמיטן פון שטעטל דעם קליינעם
אַ וואונדערלעך-שיינער און פּרעכטיקער טייך.

געצויגן האָט ער ווי אַ סטרונע זיך שלאַנק,
די ברעגן פאַרמירט ווי ביי קינסטלער באַשטעלט;
די וואַסערן טיף מיט אַ זיכערן גאַנג —
די ווייט איז מיט גאָרנישט געוועזן פאַרשטעלט.

וועלדער געדיכטע ביי די ברעגיקע זייטן
געשאָפּן פאַר אים האָבן בילדלעכן צאָם:
ניט געקאָנט וואָלט זיי קיינמאָל אין שיינקייט פאַרבייטן
די זעלטנסטע טייערסטע קינסטלעכע ראָם.

געפלאָסן איז ער דאָ שוין הונדערטער יאָרן —
צוזאַמען מיט שטעטל אין דרעמל פאַרזונקען:
קיינמאָל קיין שיפל איז אויף אים ניט געפאָרן
קיינמאָל קיין שווימער אין אים זיך געטונקען.

בלויז שטעטלשע אידן דעם שבת אנטקעגן,
ווען גרייט איז געווען אַ קלאָר־ווייסע העמד;
און מיידלעך און ווייבער אויף גאָר־וויַיטע ברעגן
געטונקט זיך אין וואַסער האַלב־נאַקעט פאַרשעמט.

ניט געווען דאָ ווער ס׳זאָל זיין שיינקייט גאָר זען,
דורך ליד אים באַזינגען, דורך וואָרט אים דערהויבן:
אַרויסברענגען אים פאַר דער וועלט מיט דער פּען,
שטאָלצירן מיט אים און פאַר לייטן אים לויבן.

ווייזט אויס, אַז דעם טייך האָט עס ענדלעך פאַרדראָסן,
געפילט, אַז זיין ווערט ווערט צו גאָרנישט פאַרוועגדט:
אַן אוצר זיך וואַלגערט פון קיינעם גענאָסן —
אויף קליינגעלט צעביטן און נאַריש פאַרשווענדט.

אַ טייך אַזאַ פיינער זאָל זינקען אין גראָזן
צוזאַמען מיט שטעטלשע אידן דאָ פּוילן:
געפּאַסט וואָלט פאַר אים גאָר אין וויַיטן זיך לאָזן —
טיף אין ראַסיי, צי כאָטשבי אין פּוילן.

און פליטן אויף זיך מיט געהילץ זאָל ער פירן
דורך שטעטלעך און שטעט פון ליטע און רייסן;
פון וועלדער דיביימער צעזעגטע צעפירן
קיין דאַנציג און מעמעל און ווייטער קיין פּרייסן.

נאָר וואָס זאָל ער טאָן מיט די שטעטלשע אידן,
אַז זייער השגה איז פּרוטהדיק, שוואַך, —
אַז קויפן אַ ציג פּאָרט מען אום אויף ירידן,
און גילדן אַ צענדליק מיינט שוין אַ סך? —

אַז שווער איז דאָ איינעם פון אָרט גאָר צו רירן,
ווייזן, אַז נאָך עפּעס אַנדערשם ז'פּאַראַן;
פויל איז דאָ איינער די הענט צו צעפירן
און מאַכן פאַראויס איין-איינציקן שפּאַן?

איז ער צייטנווייז שטורמיש געווען, ניט צורירן
ניט איינמאָל אַרויס איז ער פון די ברעגן:
ווי ער וואָלט געוואָרנט די שטעטלשע אידן —
עפּעס צו טאָן, געזוכט זיי באַוועגן.

און איינמאָל האָט טאַקע צעברענט זיך זיין צאָרן:
דריי טעג און דריי נעכט געפּלייצט האָט אַ רעגן;
דאָס שטעטל ז'אינגאַנצן פאַרטרונקען געוואָרן,
אַרויס איז דער טייך ווייט איבער די ברעגן.

ציגן און בהמות, מענטשן און פערד
זיך לויפן געלאָזט מיטן שליאַך,
און ווער פון די אינגערע ס'האָט זיך דערקלערט —
געפּרוּאווט האָט זיך רעטן הויך אַ דאַך.

אָבער די הייזער — ווי שטערבלעך צעפאַלן,
פון באָד און דער מקוה ז׳געבליבן קיין זכר;
דערטרונקענע קי געלעגן אין שטאַלן:
פון ישוב דעם גאַנצן — אַן אָנדענק אַ בלייכער.

האָט זיך צעטראָגן די ניים איבער שטעט,
די וועלט פון דעם אומגליק האָט שנעל זיך דערוואוסט;
געקלאַפּט האָט דאָס האַרץ ביי אַ סך ווי על חטא
פונם גרויסן אומזיסטן מענטשן־פאַרלוסט.

צעקלאַפּט האָבן פּושקעס זיך באַלד פאַר נדבות:
פאַרריכטן דעם חורבן — ביי יעדן געקליבן
געקלונגען דער נגון פון תציל ממות
פאַר די וואָס דורך נס זיינען לעבן געבליבן.

אויך טייך־אינזשעניערן די ניים האָט פאַרכאַפּט,
געקומען אַהער פון דער הויפּט־שטאָט אַזש ווייט:
מיט שנורן געמאָסטן, די טיפקייט באַטאַפּט —
באַשטימען געפּרואווט זיין ווערט פאַר דער צייט.

ענדלעך, מיט לויכטענדן בליק אין געזיכט,
אַלע געקומען צום זעלביקן שלום —
אַלע געפאַסט האָבן זעלבן באַריכט:
אַן אוצר עס ליגט אינם טייך און זיין פלום.

זיין ברייטקייט — צעוואָרפן, זיין טיפקייט איז גרויס,
ציט זיך דורך שטעטלעך און וועלדער צוגלייך:
העגט דאָ געגוג פאַר אַ קרעפטיקן שטויס
די געגנט און מענטשן באַלוינען גאָר רייך.

נויטיק איז בלויז דעם טייך דאָ צו צאַמען,
די ברעגן פאַרלייגן מיט האַרטן צעמענט;
האַלטן דעם פלוס זיין געבונדן אין ראַמען,
זיין רוישיקן גאַנג צווישן העכערע ווענט.

און באַלד ז'אַ באַריכט אין דער הויפּטשטאָט אַוועק:
דער הורבן קאָן דינען צו ברענגען גאַר גליק;
דערווישן די וועלט און פאַרוואָרפענעם העק
קען אויסגעלייגט ווערן אַ שכנישע בריק.

— ווי אָט דעם חלום פאַרוואַנדלען אין וואָר
מיטלען פאַר דעם געגנוג איז פאַראַן:
קענען מען דאַרף זיי בלויז אויסנוצן נאָר,
שאַפן פאַר זיי דעם געהעריקן פּלאַן.

און באַלד איז פון הויפּטשטאָט דער צושטים געקומען,
די ברכה געגעבן פאַר ציל דעם געוואַגטן:
פּלענער דערווייל נאָך רוי און צעשוואומען,
פאַרוואַנדלען אין מעשים און בילדלעכע פאַקטן.

און באַלד האָט דערהערט זיך אַ גרילצן און רודער,
באַווייזן זיך מענטשן מיט רידלען און העק:
אין ווינקל אין שטילן זיך דערהערט אַ גערודער —
לעבן באַוויזן אין פאַרוואָרפענעם העק.

און געזאַנג האָט דערהערט זיך ביזן טאָג ביזן שפּעטן
פון אַרבעט וואָס האָט זיך געטראָגן מיט שוואונג:
פאַרמאָסטן זיך האָבן אין דרייסטע געוועטן
אַרבעטער אַלטע מיט די וואָס נאָך יונג.

געגאַנגען די אַרבעט איז שנעל ווי פֿון בויגן,
מיט יעדן טאָג מער אַלץ געווען וואָס צו זען:
מיט וואונדער געקוקט האָבן יעדערנס אויגן —
מיט וואָס פֿאַר אַ פּליים און וואָס פֿאַר אַ ברען.

ווי יעדן טאָג קומט נאָך ניים עפּעס צו,
וואָס ענדערט דעם טייכס גאַנצענעם פּנים:
אַ סך פֿון דעם אַלטן פֿאַרשוואונדן איז וואו —
באַוויזן זיך האָבן גאַנץ נייע בנינים.

ענדלעך ז'די אַרבעט פֿאַרענדיקט געווען:
אַ דאַמבע די ברעגן פֿון אויספֿלוס פֿאַרשטעלט;
מענטשן געקומען פֿון ווייטן עס זען —
געוואָרן פֿון שטעטל אַ גאַנץ נייע וועלט.

און ס'האָבן זיך פּליטן אויף טייך באַלד באַוויזן
און באַרזשעס וואָס שטופּן זיי לאַנגזאַם פֿאַראויס
און ביימער צעזעגטע — אַמאָליקע ריזן —
נאָר־וואָס פֿון וועלדער געדיכטע אַרויס.

און שיפֿלעך פֿון ערגעץ זיך האָבן גענומען
און יונגוואַרג אויף זיי זייער לוסט זינגט אַרויס —
ווי ס'וואָלט דער אַמאָל גאָר אין ערגעץ פֿאַרשוואומען
און איצט אויף זיין אָרט הערשט צאַפּל און ברויז.

און פייגל אין וואלד זיך צעזונגען אין נעסטן:
דאָס נייע אָרום פאַרכאַפּט האָט אויך זיי
און שווימער געניטע אין דרייסטע פאַרמעסטן,
אין קונצן געוואַגטע און ספּאָרטס אַלערליי.

אַלץ אין דער געגנט האָט איצט זיך געביטן,
צום פריען אַמאָל גאָר ניטאָ קיין פאַרגלייך;
אַ זיגרייכער שטאָלצער פליסט ברייט אינדערמיטן
דער אַלטער באַנייטער קליינשטעטלשער טייך...

# אדם און חוה

געשפּאַנט האָט אָדם, דער ערשטער מאַן,
מיט ווייכע טריט און לאַנגזאַמען געשפּאַן,
איבער ברייטע שטחן און ווייטקייטן באַהעלטע,
רחבותדיקע ברייטקייטן און ווייטן ניט־פאַרשטעלטע,
און איינגעזאַפּט אין זיך די ערשט־בראשיתדיקע לופט,
פריש און גרינג און פול מיט דופט,
מיט פרישקייטן פון זאַפטיקע גראַנאַטן,
מיט זיסקייטן פון טויזנט אַראָמאַטן —
פון איידלסטן און סאַמע דעליקאַטן —
וואָס געפלאָסן האָבן פון רייך־קאָלירטע בלומען
ערשט צום לעבן אויף דער פרישער ערד געקומען,
און פון טויזנטער פאַרבנרייכע קווייטן
וואָס האָבן זייער זאַפט געצויגן פון די גרינסטע אויסגעצוואָגסטע בייטן,
וואו דער סאַמעט־גראָז און גרינע ווייכקייט גלעטן
און טראָגן פיס ווי אויף זיידענע טאַפּעטן,
וואו די זון־שטראַלן זיך שפּילנדיק אין טאַנץ,
יאָגן־איבער איינער־צווייטן אין גאָלדנקייט און גלאַנץ.

געשפּאַנט האָט ער, דער ערשטער מענטש אויף ערד,
און מיט וואונדער יעדע זאַך פאַרצערט,
איינגעזאַפּט אין זיך די טיפע פריידן
וואָס פאַרשאַפן בלויז געקענט האָט אַ לאַנדשאַפט פון גן־עדן.

נאָר דאָך האָט ער געשפּאַנט, דער ערשטער מאַן,
ניט מיט דערהויבנקייט אין זיין געשפּאַן,
ניט מיט לויטערקייט אין ברייטן ווייטן בליק,
ניט מיט אָפּשטראַל ווייכן פון געַנוס און גליק,
ניט מיט שטאָלץ אין יעדן זיין געשטעל,
וואו בליק אַליין זאָל אויסדריקן באַפעל.

גיכער האָט געשפּאַנט ער אומעטיק־אַליין,
אַן גאָלדן גלאַנץ אין גאָלדן קרוין,
ווייט און פרעמד פון יענעם חן
וואָס אַ שטאָלצער שטעל רופט אַרוים ביים גיין.

גיכער האָט זיין רוקן ווייט פון גלייכער ווירע זיך געצויגן,
און ווייט פון שטאָלץ די גרויסע אויגן;
און דער שטילער איינגעדריקטער קלאַנג
אַן יענעם איינגעשפּאַרטן דראַנג,
וואָס פאַרלייקנט ניט דעם ציל־באַוואוסטן גאַנג.

יאָ, איינזאַם האָט געפילט דער ערשטער מענטש,
כאָטש גרוים, דאַכט זיך, ז׳געווען די וועלט,
כאָטש גאָרנישט זיין הערשאַפט איבער איר עם האָט פאַרשטעלט;
נאָר אים, ווייזט אוים, האָט עמיץ־ווער דאָך פאָרט געפעלט.
ניט געווען צו ווענען — צי שילט, צי בענטש —
מיט ווענען זיך אַ וואָרט צו טיילן,
איבערלעבונגען פון טאָג דערציילן,
און צו זעטיקן דעם בענקענדן געמיט
כאָטש אויף איין־איינציקן געבוט:
אַ וואָרט צו ווענען אַרויסצוריידן
און דיין אייגן שטימע צו פאַרווײלן.
און מעג די אַטמאָספערע שמעקן מיט גן־עדן —
עפּעס־וואָס איר פאָרט דאָך פעלט:
אַ צווייטע לעבעדיקע וועלט
מיט אַ מענטשן נאָך איינער ווי ער,
מיט זעלבן אויסזען און באַגער,
מיט זעלבע צאַפּלדיקע חושים,
מיט אַ באַגער צו האַלזן זיך און קושן,

מיט פרייד און אומבאַגרעניצטע גליק,
וואָס שאַפט צווישן מאַן און ווייב אַ בריק.

דערפילט האָט גאָט די שטים פון אָדמס האַרץ,
דערפילט אין איר אַ בענקשאַפט און אַ ווינקעלע אַ צאַרטס,
און באַשלאָסן אים אַ הילף צו שיקן:
ניט קיין ניי און אויסגעטרוימט באַשאַף,
ניט קיין אויסגעקרימט און אונטערטעניק שקלאַף —
נאָר מיט אַן אמתדיקן, צו אים גלייכן, פריינט באַגליקן:
אַ העלפערין, וואָס זאָל זיין גאַנג מיט זיך באַחנען,
זייער ביידנס לעבן באַפרוכפערן, באַשיינען
און אויפטו פון באַשאַף מיט זיך באַקרוינען,
אין וועלכער ר׳זאָל פרייד און גליק געפינען,
און דאָס גאַנצע לעבן זאָל מיט זיך באַזינען.

געשאַפן גאָט צו אָדמען האָט חוהן.
שיין און שלאַנק און גראַציעז ווי אַ יונגע פּאַווע,.
אויגן — לעבעדיקע, זשוואַווע,
בליקן — שטאָלצע, בראַווע,
פייערדיקע אויגן-בליצן
וואָס מיט פונקען שפּריצן
לאַווע זודיקע באַזיצן
גרייט צו רעגן און דערהיצן —
אַ בילד פון אַלע צייטן
— מיט קיין צווייטער ניט פאַרבייטן —
גרייט פאַרוואַנדלען יעדן בים
אין אַ צוקערל אַ זים
און וואַרפן מאַן צו אירע פים...

אויפגעלעבט האָט אָדם פון די נייע פריידן
וואָס פאַרבונדן אין אַ בונד אַן אומשטערבלעכן האָבן ביידן,
אויפריכטיק געפרייט זיך מיט זיין ניי געשאַנק
און דעם באַשעפער זיינעם טיף דערפאַר געדאַנקט.
געטראָגן ווי אַ קרוין זי אויפן קאָפּ.
און באַטראַכט ווי דעם באַשעפער זיינעמס שענסטער גאָב;
געגלויבט, אַז דאָס איז וואָס עס האָט זיין האַרץ פאַרלאַנגט,
און אייביק וועט די פרייד דערפאַר אים שליסן
און ביזן טויט וועט ער פון איר געניסן.

נאָר געמאַכט האָט ער אַ ביטערן און שווערן טעות.
די ערשטע ליבע האָט אויסגעברענט, משמעות,
און ניט לאַנג האָט זיך די פרייד געצויגן,
ביז געעפנט האָט זי אים, געעפנט זיינע אויגן.
עס האָט די שיינקייט אירע די אויגן איר פאַרבלענדט
און די געדאַנקען אירע נאָר צו דעם אַליין געווענדט.
געצויגן האָט זי רייסן עפּעלעך פון דעם פאַרבאָטן בוים,
כאָטש געוואוסט האָט זי, אַז דאָס מיינט ברעכונג פון אַ צוים:
צווישן איר און אָדמס טרוים
געוואָקסן איז אַ ניט־דורכגאַנגבאַרער תהום.
צעשטויבט געוואָרן איז דער פריערדיקער אייזנפעסט־
פאַרגליווערטער צעמענט
און זיין פלאַץ פאַרנומען האָט אַן אויפגעבראַוזט און אויפגערעגט
טעמפעראַמענט.
שווערער איז געוואָרן די קאַפּריזן אירע צו פאַרטראָגן —
און אַלץ גרעסער זיי אין צאָל געטאָן האָט זי זיי פאַרמאָגן.

חוהן איז ניט איינגעפאַלן קיין קרוין צו אָדמס הערשאַפט זיין —
אַ פינקל בלויז צו זיין בריליאַנטן שיין —
זי האָט אַליין די הערשערין געוואָלט גאָר זיין!
(אַ ירושה האָט זי דאָס נאָך זיך געלאָזן
וואָס האָט אין ווייטערדיקע דורות פרויען נאָך שטאַרקער דעם פאַרלאַנג צעבלאָזן...)
אָדם האָט זיין טעות קלאָר דערזען,
נאָר צו שפּעט געווען פאַרריכטן דאָס וואָס איז געשען...

דאָך ווי ביי אַלע מענטשן־פּאָרן
קינדער צוויי זיינען געבאָרן,
און ווי אַלע טאַטע־מאַמע
דערוואַרט נחת זען מסתמא.
נאָר אויך דאָ די פרייד אַלץ ווייטער איז פאַרשוואונדן:
געוואָקסן זיינען זיי די ברידער, אַלץ פרעמדער צווישן זיך און ווייניקער פאַרבונדן.
געוואָקסן איז דער עלטערער אַ רשע אַ מרושע,
און פאַר זיך אַליין געוואָלט די עלטערנס ירושה;
צו־קליין פאַר אים געווען אַ האַלבע וועלט פאַרמאָגן —
תחבולות נאָר געזוכט ווי עם צווייטן צו פאַריאָגן:
מיט מעסער איז באַפאַלן דעם ברודער אין געצעלט
און אַליין געבליבן צו באַהערשן גאַנצע וועלט.
טאַטע־מאַמע געמוזט צוזען איצטער הערן:
מערדער וועלכער טראָגט ק י נ ס צייכן אויף זיין שטערן...

---

דאָס איז די מעשה פון אָדם און חוה:
צי אמת, צי ניט — אָבער סיוווי טשיקאַווע...

# דאָס פאַרזעסענע מיידל

(פאָלקס־מאָטיוו)

ווער קאָן זאָגן מיר, ווער מיין באַשערטער איז?
אַ שוסטער־יונג, אַ שניידער, צי מאַרקיז? —
איבערקלייבעריש וואָלט איך שוין סיווי ניט געווען:
חסרונות וואָלט פאַרקוקט, נישט־גלייכקייטן פאַרזען...

ווער קאָן זאָגן מיר, וואו מיין באַשערטער איז?
נישט צו ווייט געווען פאַר מיר וואָלט לאָנדאָן, צי פּאַריז:
געפלויגן כ׳וואָלט צו אים ווי אַ פייל געשווינט,
געטראָגן פּיס מיך וואָלטן ווי אַ יונגע הינד...

ס׳שטייט אַ צימער פאַר אונדז ביידן גרייט —
פאַר טעג פול שיין, פאַר נעכט פול פרייד:
אַ טיש, אַ בעטל און אַ שטול,
מיט אויסשטייער אַ קופערט פול...

ציכלעך, ליילעכער — אַ גאַנצער טוץ,
ווייס און קלאָר — כאָטש באַלד זיי נוץ,
נאַכט־העמדער מיט קרוזשעווע און לייץ —
אויסגעשניטענע און פול מיט רייץ...

כ׳טרוים ביי טאָג און כ׳וואַך ביי נאַכט:
עמיץ ביי מיין טיר עס קלאַפּט, מיר דאַכט;
זי עפענען — זיך ציען מיינע הייסע הענט,
מיין גאַנצער גוף פון דאָרשט עס ברענט...

איז ווער קאָן זאָגן מיר, וואו מיין באַשערטער איז? —
ניט צו־ווייט געווען וואָלט לאָנדאָן, צי פּאַריז;
געפלויגן כ׳וואָלט צו אים ווי אַ פייל געשווינט,
געטראָגן פּיס מיך מיינע ווי אַ יונגע הינד...

# טריט אויפן שניי

(פאָלקס־מאָטיוו)

טריט אָפּגעשטעמפּלט אויפן שניי —
פון וואַנען קומען זיי?
ניט פון איינעם, נאָר פון צוויי
קענטיקע אַזוי...

זיי פירן גלייך צו „איר",
צו איר הויז און טיר —
מסתמא „ער" מיט „איר"
פון שפּאַציר, פון שפּאַציר...

געשפּאַנט ביידע באַנאַנד,
אונטערן האַנט, אונטערן האַנט —
געאָרעמט אין שפּאַציר:
„ער" מיט „איר", „ער" מיט „איר"...

און איך דער נאָר האָב ניט געוואוסט,
אַז זיי טרעפן זיך ביים קוסט,
און ער האַלדזט זי און ער קושט,
און ער דריקט זי צו זיין ברוסט
אין ליבע און אין לוסט...

און איצט איז אַלץ פאַרפאַלן —
מיין גאַנצע וועלט צעפאַלן;
ס'איז אַלצדינג קלאָר און אָפן —
נישטאָ אויף וואָס צו האָפן...

---

טריט פאַרצייכנט אויפן שניי —
ניט פון איינעם נאָר פון צוויי —
צו איר טיר גלייך פירן זיי:
„אים” מיט „איר”, „אים” מיט „איר”,
אין באַריר פון שפּאַציר,
אין ווינטער־שניי און פראָסט־געפריר,
וואו ביים קוסט
זיך געקושט
און געדריקט זיך צו דער ברוסט
אין ליידנשאַפט און לוסט...

און איך? — אַ דריטער צו די צוויי,
ווי אַ נאַר בלויז קוק און שטיי
און פון קנאה איך פאַרגיי:
איצט איז אַלץ פאַרפאַלן —
מיין גאַנצע וועלט צעפאַלן...

# דאָס לעבן

וואָס איז דאָס לעבן? —
אַזאַ טראַגישע שפּיל,
וואו איינעם גייט גאָרניט —
דעם צווייטן צופיל...

איינער פאַרשפּילט נאָר,
דער צווייטער געווינט —
פון איינעמס פאַרלוסטן
דער צווייטער פאַרדינט.

פאַר ביידן די טרערן —
גלייך, דאַכט זיך, זיי:
נאָר ביי איינעם פון פרייד,
ביים צווייטן פון ווי.

---

וואָס איז דאָס לעבן? —
אַ קאָרטן־שפּיל בלויז:
איינעם אַ צווייער —
דעם צווייטן אַ טויז.

זיצן ביידע און שפּילן
ווי קאַץ מיט דער מויז:
טראַכט איינער פון צווייטן
ווי נאַרט מען אים אויס.

וואַקסן לעם איינעם
די קופּקעס מיט געלט —
דעם צווייטן אַהיימגיין
אַ ניקל עס פעלט...

---

אַזוי איז דאָס לעבן —
אַ רעטעניש בלויז,
און קומט צום באַשיידן —
איז אַלצדינג שוין אויס...

# דער זין פון לעבן

אַ לעבן־לאַנג געזוכט דעם תּוך פון לעבן —
דעם זין זיינעם געוואָלט פאַרשטיין:
סיי אַנדערע געבעטן מיר דעם ענטפער געבן,
און סיי פון ביכער געזוכט אַליין.

נאָר געווען זיינען די ענטפערס יעדערנס פאַרשיידן
און אין קאָפּ געשאַפן האָט בלויז זיך אַ געמיש:
שווער געווען אויף איינעם זיך אַנטשיידן —
האָט געמעגט ער אויסקוקן ווי נײַ און פריש.

און אַזוי זיינען די יאָרן שטיל געפלאָסן
זוכנדיק פון זייער גאַנג דעם זינען:
אַ לעבן לאַנגן הינטער זיך געלאָזן
און ניט געקענט זיין זין געפינען.

ביז ענדלעך, ווען דער קאָפּ מיינער איז אַלט און גרוי,
און מיט מאַטערניש די פיס זיך שלעפּן קוים —
דער ענטפער ווי פון זיך אַליין געקומען איז גענוי:
דאָס זוכן איז אַליין אַ ווייטער שיינער טרוים...

# דער מענטש

דער מענטש אויף דער ערד
ז'ווי אַ זעמדל ביים ים,
זיין לעבן געווערט
ווי אַ גלי פון אַ פלאַם.

פאַלט איינער אַוועק —
ווער זיין נאָמען געדענקט? —
ווי אַ שטויבל ביים ברעג
פון אַ כוואַליע פאַרשווענקט.

ווי אַ טראָט אינם נעפּל —
קיין צייכן ניט לאָזט,
ווי אַ צונד פון אַ שוועבל
פון ווינטל פאַרבלאָזט.

ווי אַ חלום אין שלאָף,
אַן אינהאַלט, אָן זין, —
פאַרשווינדט אין אין־סוף
גאַר ווי קיינמאָל געווען...

# די קורצע שעה

ס׳גייט אַוועק דאָס לעבן גיך
ווי אַ יוגנטלעכע שעה:
נישטאָ קיין צייט אַרומצוקוקן זיך —
ווי שוין נישטאָ...

אַזוי פיל זאַכן געפּלאַנירט —
אַרבעט דאָך אַ גאַנצע וועלט!
נאָר ס׳האָט דער שפּעטער דיך פאַרפירט,
אַפילו אָנהויבן האָסט זיי פאַרפעלט.

ווען טעג עם פלאַקערן מיט ברען
און כוחות אָן אַ שיעור פאַראַן —
איז ניט שווער דאָן צו פאַרזען,
אַז דער וועג איז בלויז איין שפּאַן.

אַט האָסט אָנגעהויבן — און אַט שוין ענד,
אַט איז פרי און אַט איז נאַכט:
די קורצע שעה האָסט אומזיניק פאַרשווענדט,
דער קלאָרער זין צו שפּעט דערוואַכט...

# וואָס בין איך?

איך בין אַן אויגנבליק פון צייט,
אַ פּינטעלע אין דער אומענדלעך־טיפער ווייט,
אַ שפּראָץ פון קיילעכדיקער ערד אַרויס —
פון מילי־מיליאַסן איינער בלויז.

איך בין אַ טריטעלע אין דעם געדריי פון דעם פּלאַנעטן־וועג,
אַ רגע בלויז אין אייביקייטס חדשים און אין טעג;
אין ברויז פון אוראַגאַנען־רויש אַן איינציק קלאַנג —
אַ מיקראָסקאָפּיש רירעלע אין מענטשלעכן פאָראויס־צו דראַנג.

נאָר אין מיין טפּשות האַלט איך קאָפּ פאַרריסן הויך
און מיין: ממשותדיק און אייביק איז דער רויך,
און פון אַ יעדן אָטעם־צוג וואָס פון מיין מויל אַרויס
אַ באַרג אַ הויכער וואַקסט גלייך אויס...

# בלויז דריי־פיר איילן

ער, דער מענטש, דער הערשער איבער רוימען,
ברעכער פון די שווערסטע סודותדיקע צוימען,
פאַרווירקלעכער פון די אוראַלטסטע געוואַגטסטע טרוימען, —
איז ביזן לעצטן טאָג ניט קלוג
צו וויסן, אַז ער האָט גענוג
איין פינטעלע בלויז אָפּצוטיילן
און פאַר זיך אַליין צו נעמען — בלויז דריי־פיר איילן...

ער, דער מענטש, וואָס האָט אָפּגעבלאָזן אַלע שוימען
צו דערגרייכן אינם ים די סאַמע טיפסטע תהומען,
אַ הויז זיך דאָרט צו בויען און מיט די פיש צו זוימען, —
אַפילו אין דעם ווייטסטן אונטערפלאַך געררוימען
ער קען פאַר זיך בלויז אויסדערווײלן
ניט מער ווי דריי־פיר איילן...

ער, דער מענטש, וואָס שרעקט זיך ניט צו קלעטערן אויף הויכן,
אַרויסרייסן פון דער נאַטור איר תוכן
און די העכסטע באַרג־שפּיצן דערגרייכן,
און פון דאָרט אַראָפּ אין טיפסטע היילן
אַנטדעקן פון יאָרטויזנטער אַ צייכן, —
גענוג פאַר אים אויף אַ געלעגער ווייכן
אַ ווינקל בלויז פון דריי־פיר איילן...

ער, דער מענטש, וואָס זוכט די טיפסטע סודות פון זיין „איך"
אנטדעקן
און באַפרייען זיך פון יאָרטויזנטער פון שרעקן,
די טיפסטע סודות פון זיין קראַנקן גוף אַרויסצושיילן
און לערנען זיך ווי זיי אַרויסשניידן און היילן, —
מוז סוף־כל־סוף מיט מוטער־ערד זיך טיילן
מיט געציילטע בלויז דריי־פיר איילן...

גרויס דער מענטש און רייך איז זיין השגה,
נאָך הויכקייטן און ווייטקייטן זיך אומערמידלעך יאָגט ער, —
נאָר קומט צו דעם סך־הכל אונטערציען
און דעם סוף דערציילן,
הערט ער אין די וואָלקנס אויף צו פליען
און באַגנוגנט זיך מיט דריי־פיר איילן...

# וואָס איז די וועלט?

די וועלט איז אַ תפיסה
מיט אָן אַ שיעור צעלן,
נאָר קיינמאָל אין איר
קיין איינוואוינער פעלן.

גייט איינער אַרויס —
קומט אַ צווייטער אַריין:
לאַנג קאָן אַ צימער
דאָרט ליידיק ניט זיין.

און אַנדערש ז'די תפיסה
פון אַלע איר גלייכן:
ס'זוכט קיינער פון איר ניט
וואָס ווייטער צו ווייכן.

און אַנדערש געבויט
איז די תפיסה פון אַלע:
קיין טרויער, קיין ריגל,
קיין שלעסער, זאַוואַלע.

די פענצטער אָן גראַטעס,
אָן וועכטער די הויפן —
דאָך קיינער עס זוכט ניט
פון דאָרט צו אַנטלויפן.

יעדער איז פריי
צו טאָן וואָס ער וויל,
דאַרף ניט צו קיינעם
ווען ווענדן אַפּיל.

יעדער קען גיין
וואוהין נאָר ער וויל,
פאַרברענגען די צייט
אין לוסט און אין שפּיל.

עס שטייט ניט קיין שומר
און וואַכט ביי דער טיר,
נישטאָ דאָרט קיין עלטסטער
וואָס טראָגט אַ מונדיר.

קיינמאָל איז קיינער
דאָרט ניט פאַרשפּאַרט,
דאָך קיינער אַנטלויפן
פון דאָרטן ניט גאַרט.

און כאָטש צווייענס פאַרברעכן
מעג זיין ווי פאַרשיידן,
איז שטענדיק דער אורטייל
דערזעלבער פאַרביידן.

און מעג דער פאַרברעכן
זיין ווי נאָר באַשרענקט,
איז דאָך דער אורטייל
גלייך אַלעמאָל שטרענג.

ס'ווייס קיינמאָל ניט קיינער
גענוי זיין פאַרברעך:
ס'האַלט קיינער מיט אים ניט
פון דעם קיין געשפּרעך.

ס'וועט קיינער פון משפט,
ס'וועט קיינער פון דין —
דאָך אַלע דערוואַרט
דערזעלבער גזר־דין:

ניט קיין קויל פון קיין ביקס,
ניט קיין תליה געבויט, —
נאָר וואָס נפקא מינא? —
ס'איז אַלצאײנס דער טויט...

ווער איז דער ריכטער
און ווער פּראָקוראָר? —
ס'וועט קיינער דעם ענטפער,
פאַר קיינעם ניט קלאָר.

סיי ווי איז יעדער
ביי זיך ניט גענאַרט
און ווייסט אין פאָראויס
וואָס אים שפּעטער דערוואַרט.

נאָר קיינער וויל טראַכטן,
פאָראויסזען דעם סוף:
אַ חלום דערווייל
אַ זיסער אין שלאָף...

מען דרייט זיך דערווייל
אין ווירבל־קאַדריל —
אַ טאַנץ צו באַרוישן
דאָס וואַכע געפיל.

מען לעבט אין געדריי
פון ראַד־קאַרוסעל:
זאָל שווינדלען פאַר אויג,
זאָל אויסדאַכטן העל.

נאָר קומט־אָן די צייט,
ווען אוים מיט דער שפיל —
כאַפּט יעדערן אָן
אַ פאַרצווייפלונגס־געפיל.

ס׳דערהערט זיך אין לופטן
פּלוצלינג אַ פייף:
די צייט איז אריבער,
די ענדע איז רייף.

געענדיקט דער טאַנץ,
געענדיקט די שפּיל —
געענוג זיך געטומלט,
איצט מוז ווערן שטיל.

געענדיקט דיין צייט,
פאַרענדיקט דיין לעבן —
איצט מוזטו דיין פּלאַץ
פאַר אַן אַנדערן געבן.

פילע עס שטייען
און וואַרטן אין ריי:
קיין פּלאַץ איז פאַר צווייען —
געהערט ער איצט זיי...

עס העלפט ניט קיין טרערן,
עס העלפט קיין געבעט:
מעגסט ווי־לאַנג זיך שלאָגן
אין האַרצן על חטא.

שיקזאַל איז פאַרשלאָסן,
דער שטעמפּל געלייגט:
בליז אײן זאַך קאָן קומען —
און דאָס איז דער טויט...

איצט ווייסט שוין דער מענטש:
ער האָט א טעות געמאַכט —
אַ לעבן אַ גאַנצן
אין תפיסה געשמאַכט.

אַ לעבן געשפּילט זיך
אין פרייד און אין לוסט —
און דעם אמתן זין
פון דעם ניט געוואוסט.

אַ לעבן געמיינט
ס׳איז אַ פיינער האָטעל —
צום סוף גאָר געווען
פון תפיסה אַ צעל.

פאַראורטיילט צום טויט
געווען די צייט
און גאָרניט פאַרשטאַנען
דעם גאַנצן באַדייט.

געלעבט און געהאַוועט
בלויז אויף געבאָרגטן
געשמייעט, געטומלט
און גאָרניט געזאָרגט זיך.

און פּלוצלינג דער אמת —
די גאַנצע צייט בלאָסער —
קלאָר שווימט אַרויס
ווי בוימאויל אויף וואַסער.

און פּלוצלינג דער אמת
ווי ליכט שיינט אַרויס;
נאָר וואָס נפקא מינא? —
סיי ווי איז אַלץ אויס...

אוים מיטן טאַנץ
און אוים מיט קאַדריל —
דריי איילן בלויז וואַרטן
פינצטער און שטיל...

אַ קבר אין פעלד
פאַרוואָרפן און ווייט —
דאָרט צו פאַרברענגען
די רעשט פון דער צייט.

דאָרט זיך פאַרוויגן
אין אייביקן שלאָף,
פאַרשווינדן אין בלויקייט
פון גרויסן אין־סוף...

---

וואָס איז די וועלט? —
אַ תּפיסה נאָר בלויז
פון וועלכער מען גייט
קיינמאָל פריי ניט אַרויס...

# שאָטנס

בלאַנדזשען מענטשן אום ווי שאָטנס,
אויגן — פול מיט שרעק:
ווידער שוין אַ פריינט, באַקאַנטער
אין דער אייביקייט אַוועק.

ווידער שוין אַ פרישע לוויה
איז אין צייטונג אָנאָנסירט —
דאַכט זיך נעכטן ערשט געזען אים?
אויפן גאַס שפּאַצירט?

אַלע טאָג אַ פרישע שורה
אין אַ שוואַרצער ראַם
ברענגט אַ טרויעריקע בשורה
וועלכע לאָזט אין האַרץ אַ שראַם.

ווי ס׳וואָלט פּלוצלינג אַ מגפה
אין אַ גאַנצן דור אַריין:
נעכטן נאָך געזונט געווען —
היינט פאַרשטומט אין פּיין...

בלאַנדזשען עלטערע ווי שאָטנס,
ציילן שטיל די טריט —
וויגן זיך פאַרזאָרגטע אום
ווי זאַנגען פאַרן שניט.

לויערט שטיל די שרעק אין אויגן,
שטום עס פרעגט: ווי ווייט צו מיר? —
שטייט ניט שוין דער משחית דאָרטן,
וואַרט פאַרבאָרגן ביי מיין טיר?

יעדער הוסט און יעדער שטאָך
זאָגט אויך מיר אָן שטיל די בשורה,
אַז ניט ווייט איז שוין ווי ס׳וועט
אין אַ ראַם זיין אויך מיין שורה...

און יעדער שווערער קרעכץ אין בעט
איז ווי פון דאָרטן אַ שטאַפּעט,
אַז ניט ווייט איז שוין דער טאָג
ווי אַריין אין ציימונג וועט
אויך נאָך מיר אַ נעקראָלאָג...

# אין שרעק

ווער זאָגט עס, אַז ס'שרעקט אים דער טויט? —
אַט האָט ער אַ פּאַלאַץ דאָך אַ נייעם געבויט?
אַט האָט ער געשעפטן דאָך נייע פאַרטראַכט?
אַט האָט ער געקויפט דאָך ערשט פאַר זיך אַ יאַכט?

אַט האָט ער אין ליבע זיך ווידער פאַרדרייט?
פאַרראַטן זיין פרוי, מיט אַ צווייטער ער גייט?
מיט איינער אין נאַכט-קלוב, מיט צווייטער צעשיידט
און וואַרפן אַן אויג אויף אַ דריטער איז גרייט?

צעוואַרפן זיין רייכטום ווייט איז און ברייט,
דאָך נייע פאַרמעגנס צו זאַמלען איז גרייט,
דאָך בויען פאַבריקן נייע ער גייט,
זיין נאָמען זאָל קלינגען ווייט און צעשפּרייט?

דאָס אַלץ וואָס ער טוט, איז בלויז נאָר פון שרעק...
ער ווייסט: פריער צי שפּעטער וועט ער מוזן אַוועק...
יאָגט ער דעריבער אין שווינדל-געאייל:
כל-זמן דו לעבסט — געניס און פאַרווייל...

# זכרונות

מיר איז ניט אומעטיק צו זיין אליין —
כ׳קען שעהען מיט זיך אליין פארבלייבן:
זכרונות קומען באלד צו מיר צו גיין
און העלפן מיר די איינזאמקייט פארטרייבן.

זכרונות אלטע קומען פון אמאל,
זכרונות פון די יונגע יארן:
איך טראג זיי ווי א פרייוויליקן עול
און אויפן לעבנס-וועג זיי קיינמאל ניט פארלארן.

די צייט יענע ז׳אן אנדערע געווען:
פול מיט אימפעט און מיט צאפלדיקן ברען —
אין קאפ זיך האבן אפשטעמפלען געמוזט,
צייכנס לאזן אין דער יונגער ברוסט.

וואכן-אויף פארשיידענע געשטאלטן,
חברים אלטע קומען פון דער שול:
יארן אינעם קאפ געווען באהאלטן —
איצט ווערט מיט זיי דער צימער פול.

ווערן נעענטער מיר, אינטימער,
סודות אלטע זוכן צו דערגיין;
מיט לעבן פול ווערט אנגעפילט מיין צימער —
און כ׳בין שוין ווידער ניט מער אליין...

# מיין פרוי

ביז היינט נאָך באַשטימען קאָן איך ניט געניי
פאַרוואָס גאָר דווקא זי כ'האָב אויסדערוויילט צו זיין מיין פרוי
פון אַלע מיידלעך פון דער שטאָט?
ווען אַזויפיל האָבן זיך נאָך מיר געיאָגט —
כאָטש איך געדענק שוין ניט מיט וואָס כ'האָב זיי געלאָקט:
מיט מיינע בלישטשענדיקע שילערישע קנעפּ,
צי מיין פריילעך שטימונג, שטענדיק פול מיט פעפּ —
ווען אַזויפיל האָבן אויף מיין „וואָרט" געוואַרט
און נאָך מיין אויפמערקזאַמקייט היים געגאַרט, —
מיט וואָס זי מיך גענומען האָט,
אַז פון די שטעטלדיקע מיידלעך אַלע
האָב איך זי דערוויילט צו זיין מיין כלה?
ניט בלויער דאָך געוועזן זיינען אירע אויגן
און ניט טונקעלער שאָטן אירע ברעמען האָט פאַרצויגן;
ניט שוואַרצער זיינען אירע האָר געווען
און ניט פאַרמאָגט איר קוש האָט מערער ברען;
איר שמייכל ניט באַצויבערט האָט מיט מערער חן
און ווייסער ניט געווען זיינען אירע ציין, —
טאָ וואָס-זשע פּאַרט האָב איך אין איר דערזען,
וואָס האָט מיך צוגעצויגן נאָר צו איר?
קלייניקייטן געמאַכט מיך צו פאַרזען
און אָפּטער אָנרירן די קליאַמקע פון איר טיר? —
וואָס האָט געמאַכט מיך אין איר זיך צו פאַרליבן
און זי די איינציקע פאַר מיין באַשערטער אויסגעקליבן?
שווער אַן ענטפער געבן,
אַ באַשטימטן און אַ קלאָרן,
ווען פאַרביי אַ גאַנצער לעבן,
ווען אַדורך אַזוי פיל יאָרן.

נאָר ווען כ׳ליג אַמאָל און טראַכט
פונם אויסוואַל וואָס כ׳האָב דאָן געמאַכט,
פיל איך: כ׳בין קיין טעות ניט באַגאַנגען,
פאַר וועלכן ס׳זאָל מיר שפּעטער באַנגען...
אַ פייער־זייל איז זי פאַר מיר געווען אין שווערן לעבנס־וועג,
וואָס האָט באַלויכטן מיר פיל כמאַרנע רעגנדיקע טעג,
מונטערקייט אין דער נשמה מיר געוועקט,
ווען גערדאַכט האָט זיך, אַז אַלצדינג וואַקלט זיך און עקט...
אין מינוטן שווער און ביטער,
איר גייסט האָט קיינמאָל ניט געטאָן קיין ציטער,
און מיט אַ האַנט אַ זיכערער, געניטער
דורך וואַסערן, סיי פלאַך, סיי טיף...
געהאָלפן קערעווען די לעבנס־שיף...
און מיט אַ ציל אַ גלייכן ווי אַ האָר
האָט זי מיך אַזוי דערפירט — צו מיינע אַכציק יאָר...

...איז ווען איך ליג אַמאָל און טראַכט
וועגן אויסוואַל, וואָס כ׳האָב דאָן געמאַכט, —
בענטש איך יענעם טאָג, ווען מיין באַשלוס איך האָב געפאַסט
און מיט איר, מיין פרוי, אויף אייביק זיך פאַרקנסט...

# בריוו

אין אַ קערבל אין אַן אַלטן
ווייט פאַררוקט און טיף,
אָפּגעהיט האַלט איך באַהאַלטן
אַ פּעקעלע מיט בריוו.

דאָס פּאַפּיר שוין לאַנג פאַרגעלט,
די אותיות אָפּגעריבן;
דאָ און דאָרט אַ וואָרט עס פעלט —
קענטיק: לאַנג צוריק געשריבן.

דאָך אין כתב זיינען פאַרבליבן
מיידלש־איידעלע און צאַרטע הענט;
עקסטאַז פון ערשטן זיך־פאַרליבן,
יונג און צאַפּלדיק טעמפּעראַמענט;

נאַאיוויטעט פון יונגע יאָרן,
הייליקייט פון דעם מאָמענט...
טרייהייט אייביקע געשוואָרן...
סודות צווישן ווענט...

---

צו וואָס האַלט איך דעם פּעקל בריוו
פון ווייב און צייט פאַרהיט? —
בין איך דען נאָך אַזוי נאַאיוו?
איז יוגנטלעך נאָך מיין געמיט?

ס'קוקט די עלטער פון מיין פּנים,
טוט אין אַלטקייט מיך באַקליידן —
ווילט זיך ניט פאַרווישן די סמנים
און מיטן אַמאָל אויף אייביק זיך צעשיידן...

# מיין הויף

אַלט געוואָרן איז דער הויף
וואו איך וואוין אַזוי פיל יאָרן,
וואו עס זאַמלען זיך צענויף
אַזוי פיל זאַכן אין זכרון.

וואו עס האָט אַמאָל געשוויבלט און געברענט
מיט טעטיקייט און יונגן פיבער,
וואו אויסלאָזן דעם אייגענעם טעמפעראַמענט
האָט זיך געוואָלט — דווקא נאָר בציבור.

אַלט געוואָרן איז דער הויף,
גרוי און אָפּגעקראָכן:
שטייט אַן איינגעטונקענער בעל־חוב
צו יעדן איינעם שכן.

ס׳וואַרפט אין אויג זיך אויבן־אויף
און שרייט אַראָפּ פון יעדן גאָרן,
ווי פאַרוואָרלאָזט איז דער הויף
און אַלץ אַזוי איז אָפּגעפאָרן.

די בלומען מיט אַזוי פיל מי געצערטלט,
ליגן אויסגעטריקנט און צעטראָטן:
אָפּגעבראָכן איז דער צאַם פאַר יעדן גערטל,
אָפּגעשאָפּט פאַר קינדער די פאַרבאָטן.

און נאָך און נאָך געקענט וואָלט מען דערציילן
פון מיין הויף וואָס איז אַלט און אָפּגעלאָזן:
ווי פון די ווענט און סטעליעס פאַרב און קאַלך זיך שיילן
און ניט געשניטן זייער לאַנג די גראָזן.

---

געענדערט זיך מיין הויף אינגאַנצן —
כמעט ניט צו דערקאָנען:
בלויז געציילטע מענטשן נאָך
די ערשטע איינוואוינער דערמאָנען.

ווער ס'איז אין אַן אַנדער גאַס אַוועק,
ווער אַ נחלה הינטער שטאָט דערוואָרבן;
דער אמת אָבער איז:
דער גרעסטער טייל איז אויסגעשטאָרבן...

# די צוקונפט

כ׳ פרעג ניט ביי קיינעם וואָס מאָרגן וועט זיין
און וויל גאָר אַליין פון דעם קיינמאָל ניט קלערן:
כל־זמן עס וואַרעמט מיך זון מיט איר שיין,
וויל איך ס׳זאָל קיין זאַך מיין רו מיר ניט שטערן.

כל־זמן מיין אויג זאַפּט נאָך ליכטיקייט איין,
וויל איך פון איר וויפל ס׳לאָזט זיך געניסן:
ניט יאָגן דעם טאָג ווען אַלץ פינצטער וועט זיין
און מיין אויג וועט אויף שטענדיק זיך שליסן.

קורץ איז דאָס לעבן, באַגרענעצט די פרייד,
און נאַריש דורך זאָרג איז זיי ביידע פאַרשטערן:
פאַר קיינעם די צוקונפט קיין בלומען ניט גרייט —
איז צו וואָס פאַר דער צייט פון איר טראַכטן און קלערן...

# אַריין אין קאָן...

געווען אַ צייט ווען פול מיט קנאה
אַ סך האָבן געקוקט אויף מיר:
אין עלטער דעם אַזאַ טשופּרינע? —
אַפילו יונגן וואָלט אַ קרוין אַזאַ באַצירט...

מיין גלייכן גאַנג און ניט-געבויגן רוקן,
נאָך פעסטע זיכערקייט אין טראָט;
די אויגן ניט-פאַרוואָלקנט קוקן —
די עלטער זיי ניט פאַרצויגן האָט.

געמוזט האָט דונערן און בליצן —
געמוזט האָט יעדן טאָג זיין אַ שפּאַציר:
אין קעלטן און אין היצן
געצויגן האָט צו זיך די טיר.

באַוואונדערט יעדערער האָט מיין געזונט —
ווי אויפן האַנט געווען פאַר יעדן קלאָר:
דער מענטש איז אַגעזיכערט קונד
ביז פולע הונדערט צוואַנצק יאָר...

ווייזט-אויס אָבער: נישטאָ קיין ניסים ונפלאות —
אויך מיך האָט קיינער ריכטיק ניט געשאַצט:
דערקענט האָט יעדערער זיין טעות,
ווען אין האַרץ ביי מיר אַ סטרונע האָט געפּלאַצט...

# אַמאָל און איצט

וויפל שטרעקעס כ'האָב אין לעבן דורכגעשפּאַנט,
וויפל וועגן אויסגעטראָטן! —
שווער געפינען יענעם ווייטן קאַנט
וואָס מיין פוס האָט ניט באַטראָטן.

אויסגעמאָסטן אַלע שליאַכן,
וואו אַ ווינקל פוס געשטעלט:
ניט אָפּגעשטעלט מך האָבן וויסטע פּרכן
און אָפן פעלד געקאַנט זיין אויך געצעלט.

קיין שום ווייטקייט ניט געווען קיין שטער פאַר מיר:
אַ מייל צי צוויי — בלויז קליינער שפּרונג!
כח צאַפּלדיקער איז געווען אָן שיעור,
און יאָרן — געווען דאַן אַזוי יונג!

איצט איז שווער אַ טראָט צו מאַכן,
צו־הילף מוז נעמען פריינט דעם שטעקן:
אין יעדן טראָט, אין פאַרזיכטיקן, שוואַכן,
זוכט די עלטער גרויזאַם זיך אַנטפּלעקן...

# מיין שאָטן

אַלץ לענגער ווערט דער שאָטן הינטער מיר,
וואָס איינגעפּאַלענער און קלענער ס׳ווערט מיין גוף;
ער וואַקסט מיט יעדן טראָט וואָס איך באַריר,
פּונקט ווי קריכן כ׳וואָלט גאָר באַרג־אַרויף.

ווען קינדער שפּילן פריילעך זיך אין גאַס
און זייערס איז די גאַנצע וועלט,
לייגט מיין שאָטן פאַר די אויגן זיי זיך ווי אַ שוואַרצער פּאַס
און זיי די שיין פון פרייד פאַרשטעלט.

קלענער ווערט און איינגעשרומפּענער מיין גוף,
און ס׳שלינגט דער שאָטן אים לאַנגזאַם איין, —
פאַרהאַלטן זיין צעפּאַלונג קאָן ניט קיין שום פּרוואוו,
קיין שום איינשפּריצונג אין אָדערן אַריין.

איז קומען ווען־עס־איז וועט מוזן דאָך דער סוף:
ניט דורכגעלאָזט וועט ווערן אויך מיין הויז, —
דאַן פאַרשווינדן וועט אינגאַנצן שוין מיין גוף
און בלייבן וועט דער שאָטן בלויז...

# אַן אָנדענק

כ׳האָב קײנמאָל נאָך אַזױפיל ניט געשריבן —
דערפאַר אפשר װײל װײניק טעג עס זײנען מיר געבליבן;
ס׳טרעפט אַמאָל: ס׳צעבליט אַ קוסט זיך שפּעט
און זוכט נאָך בלומען געבן פאַר אַ בוקעט.

ס׳פאַרדריסט: אַזױ פיל יאָר געלעבט
און ניט גענוג געשאַפן:
ניט צו הױכקײטן געשטרעבט,
נאָר צו אַ שטילן און רואיקן האַפן.

נאָר איצט, װען סטראָגן פּיס מיך קוים,
האָט אױפגעװאַכט אין מיר אַ נײער שטראָם:
זאָל עס זײן דער שװאַכער שוים,
װאָס בלעזלט אָפּט זיך אױך אין תהום?

אַלענפאַלס: עס זוכט מײן פּען װאָס מערער שרײבן,
אפשר װעל איך עפּעס אױך נאָך געבן;
זאָל אַן אָנדענק נאָך מיר בלײבן —
װאָס פאַרנאַכלעסיקט אַ גאַנצן לעבן...

# איך דאַנק

איך דאַנק דיר גאָט פֿאַר יעדן טאָג
וואָס דו שענקסט מיר אויף דער ערד:
איך ווייס, אַז ווייניק זיי שוין איך פֿאַרמאָג,
כאָטש כ'ווייס ניט וויפֿל נאָך איז מיר באַשערט.

כ'דאַנק אויך דער זון פֿאַר יעדן טראָפּן שיין,
פֿאַר יעדן שטראַל וואָס זי מיר שיקט:
כל-זמן כ'לעב וויל איך ס'זאָל ליכטיק זיין,
מיט וואַרעמקייט מיין לעבן באַגליקט.

און כ'דאַנק דעם טייכל וואָס פֿאַר מיין הויז עס פֿליסט
און מיט די זון-שטראַלן זיין איבערפֿלאַך עס שפּילט:
רואיקייט אין מיין געמיט ער גיסט
און אומרו פֿון מיין האַרץ ער שטילט.

און איך דאַנק אויך דעם בוים וואָס ביי מיין פֿענצטער בליט
און גיט די פֿייגעלעך אַ צווייג פֿאַר ליבע און געזאַנג, —
אַלץ צוזאַמען שאַפֿט אַ מונטער קאָלאָריט
וואָס וועקט צום לעבן נאָך אין מיר אַ דאַנק...

# דער סך הכול

געשפּאַנט האָב איך אַ לעבן־לאַנג אָן שרעק,
אין יעדן טראָט מײַנעם געזען אַ לעבעדיקן צוועק;
נאָר ווען עס איז געקומען דעם סך הכול אונטערציען —
צאַפּלט ס׳האַרץ אין מיר און ס׳בויגן זיך די קניען.

אַזוי איז מענטשלעכע נאַטור פֿון אַלע מאָל געווען:
די ענד פֿון וועג ניט געוואָלט האָט ער גאָר זען;
טורעמס הויכע האָט געהאַלטן אין איין בויען
און ניט געטראַכט קיינמאָל פֿון יענעם טאָג דעם גרויען
וואָס קומען וועט:
פֿאַר איינעם פֿרי — פֿאַר איינעם שפּעט.

און ווען דער טאָג יענער איז ענדלעך דאָך געקומען
און ער האָט דעם אמת אומגעריכט באַנומען —
צעפֿאַלט דעמאָלט דער הונדערט־גאָרנדיקער טורעם בבל
און ס׳בלײַבט בלויז איבער
דער קלײנער, שכלדיקער,
קהלתדיקער: הכול הבל...

---

געשפּאַנט האָב איך אַ לעבן־לאַנג אָן שרעק:
אין יעדן טראָט מײַנעם געזען אַ לעבעדיקן צוועק;
נאָר ווען געקומען איז אונטערציען דעם סך הכול —
ציטערן די קני מײַנע און די ערד זיך טוט אַ וואַקל...

# ביינאַכט

איך שלאָף ניט ביינאַכט,
באַלאָדן פון יאָרן;
כ׳האַלט אויגן פאַרמאַכט,
נאָר דער שלאָף איז פאַרלאָרן.

עס טראַכט זיך און טראַכט:
ווי לאַנג נאָך געבליבן?
יעדער שאָרך אַ פאַרדאַכט,
כאָטש דער טאָג איז פאַרשריבן.

אָט קומט ער דער מערדער —
דער טראָט זיינער מיילן:
פון וויטן איך הער דיך —
דו דאַרפסט זיך ניט איילן.

מעג גייסט מיינער שוועבן —
זאָל זיין אין גן־עדן:
עס ווילט זיך מיט לעבן
קיינעם ניט שיידן.

האַלט איך די אויגן,
פרוואוו האַלטן זיי אָפן:
מיט ציטער פאַרצויגן —
כ׳האָב מורא צו שלאָפן...

# לעצטע טריט

I

אײנגעהאַלטענער דער טראָט
און לאַנגזאַמער דער גאַנג, —
פֿאַראױס צו גײן אָנשטאָט
דרעמלט-אײַן דער דראַנג.

שװאַכער װערט די שטים,
בלאַסער דער פֿאַרלאַנג, —
ס׳קלינגט ניט מער אינטים
דאָס לירישע געזאַנג.

װי אױף גראָז אױף װײַכן
פֿױזעט שטיל אַ שלאַנג —
לאָזן טריט קײן צײכן
און בלײַבן ניט אױף לאַנג.

פֿאַרשװאונדן אין דעם עבֿר װײַט,
אין בלאָס-גרױען אַמאָל, —
און ס׳בלײַבט פֿון יענער צײַט
בלױז אַ דינער װידער-קול...

II

לעצטע טריט אין לעבן —
שווער אייך דורכצומאַכן!
פילסט פאַר דיינע אויגן שוועבן —
פונדאַמענטן קראַכן.

ווענט אין אויפריים שפּאַלטן זיך און קנאַלן —
און ס׳לאָזן ברוכן זיך ניט פאַרלייגן:
אַ וועלט אַ גאַנצע ווערט צעפאַלן —
אַ וועלט וואָס איז דיין אייגן...

בויגסט דעם קאָפּ איין שטיל אין שווייגן,
ווי שווער ס׳זאָל זיין דאָס צו באַנעמען, —
רעזיגנירט זוכסט אַליין זיך איבערצייגן,
אַז ווי שלעכט — מען מוז עס נעמען...

III

אַדיע, איר טעג אַמאָליקע,
מיט פרייד און לעבן פול:
מיט שאַפונגען פילצאָליקע,
מיט רעגונג און סטימול.

ס'פאַרנעמט דעם פּלאַץ אייערן היינט
דאָס אויסגעמאַטערט און פאַרלאָרן ליד,
און אָנשטאָט אַ פערז פאַרפיינט —
אַן אָנגעלאָדן שווער געמיט.

טאָ זייט געבענטשט איר אַלטע טעג —
כאָטש בלויז פאַר דעם אַמאָל:
געשפאַנט מיט אייך אויף ברייטן וועג
און אויסגעטראָטן זיך אַ ראָל...

IV

שווער זיינען די לעצטע טריט צו מאַכן —
מעג זיין אויף אַ וועג אַ פּלאַכן —
מיט אַלטן גוף דעם שוואַכן,
הינטער וועלכע ס׳ציען זיך אַזוי פיל דורכגעשפּאַנטע שליאַכן,

ס׳בויגן זיך אין גאַנג די קני
ווי פון אַ לאַסט פון שווערער משא,
ווי נאָך אַ לאַנגן טאָג פון מי —
פון קלעטערן אַרויף אויף אַ טעראַסע.

דער וועג, דאַכט זיך, איז גאַרניט ווייט
און דאַרפסט ניט איילן זיך — אַזוי פיל צייט!
און אַ פריינט איז שטענדיק אויך דערביי —
דיין שטעקן, וועלכער דינט דיר הונט-געטריי.

דאָך איז יעדער טראָט דיר אַזוי שווער:
אַזוי פיל קאָנסטו גיין און ווייט ניט מער!
מוזט אומקערן זיך באַלד צוריק —
ווייל לאַנג ציט-אוים זיך יעדער אויגנבליק...

V

לעצטע טריט אין לעבן —
פֿאַמעלעכע, אָן זיכערקייט אין זיך:
לעצטן פֿאָדעם זיי דערוועבן —
נישטאָ נאָך וואָס צו איילן זיך.

לעצטע טריט אין לעבן —
אין אָנשפּאַר אויף אַ שטעקן:
דעראינערונגען פֿאַר די אויגן שוועבן,
זכרונות פֿון אַמאָל זיי וועקן.

אַ בילד שטייט פֿאַר די אויגן
פֿון אַ מאַן מיט פֿולער קראַפֿט —
נאָר יענע טעג שוין לאַנג פֿאַרפֿלויגן,
אויסגעדריקט פֿון זיי דער זאַפֿט.

היינט איז ווידערקול פֿון זיי געבליבן,
פֿון יוגנט פֿלאַקערדיקער — בלויז דער אַש:
יאָרן אויפֿן ווינט פֿאַרשריבן,
יענער מאַן — בלויז אַ מיראַזש...

---

לעצטע טריט אין לעבן —
לאַנגזאַמע, אָן גלויבן:
די לעצטע טעג דערלעבן,
דיווירקלעכקייט פֿאַרטויבן...

## ביכער פון משה סטרוגאַטש

לידער פון נעכטן און היינט — — — — — — — — — 1922

דער לעצטער פּרינץ — פאַנטאַסטישע מעשה — — — — — — 1952

אין העלן טאָג — קינדער־לידער — — — — — — — — 1960

אויף פליגלען פון צייט — לידער און באַלאַדן — — — — — 1962

אויף זוניקע וועגן — לידער און פּאַבלען — — — — — — 1965

געזאַמלטע דערציילונגען:

באַנד I — — — — — — — — — — — — — 1969

באַנד II — — — — — — — — — — — — — 1969

לעצטע טריט — לידער — — — — — — — — — — 1975

ביאָגראַפישע און ליטעראַרישע איינצלהייטן וועגן מחבר געפינען אינעם
„לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור״, באַנד זעקס.